וואָלף טאַמבור

# פרילינג און זון

ראָמאַן

(ערשטער בוך: „סערל")

פאַרלאַג: „יידיש וואָרט" — אַראַד ה'תש"ח — 1947

ווען, ווען
זאָל איך עס ווידמען
דאָס דאָזיקע בוך,
פון „פרילינג און זון“,
לעבן און פרייד,
יוגנט און געזאַנג?...

דער מאַמע, פרוי,
שוועסטער צי טאָכטער,
וואָס האָבן זייער פרילינג
איבערגעלאָזט אין אַש ערגעץ
פון די היטלער־ברענאויוונס,
צי איר, דער לעבנדיקער,
וואָס פרילינגט זיך אויס
אין האַרבסטיקן נעפל —
חיי־רחלען?...

צי אפשר גאָר דער,
וואָס וועט לייענענדיק פילן,
כאָטש עפּעס, אַ קרובהשאַפט
מיט סערלען, דער העלדן
פון דער דערציילונג,
און דערמיט ווערן
אויך מיינע אַ קרובה?...

ווען?...

# 1

מאַראַמאָרעש׳ פאַרוואַלדעוועט באַרגיק לאַנד ביים ראַנד פונעם רומענישן היימלאַנד׳ באַוואַכט די גרענעץ׳ ווי אַ שומר אַרומגעגאַרטלט מיט דער טייס.

כאָטש ס׳האָט אַ ביינער ווינט פאַרבלאָזן די בני־ישראל׳ זיי צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע זיבן ימים׳ איז דאָך געבליבן מאַראַמאָרעש אַן אינדזל פון יידן׳ וואָס האָבן אָנגעהויבן דאָס לעבן פון דאָס ניי׳ אַלעס פון דאָס ניי. ווידער האָבן זיך געעפנט גאַנץ־פרי די קליינלעך צו שחרית פונקט ווי פאַר דער מלחמה. און פונקט ווי פריער האָט מען ווידער געקאָנט באַגעגענען דאָ און דאָרטן אַ ייד׳ דעם האַנדלען מיט שאָף און יענעם פאַרריכטנדיק זייגערס׳ אין פעלד ביים אַקער און אין וואַלד טעסענדיק אַ קלאָץ׳ אַ האָקוס־פּאָקוסניק וואָס לויפט אַרום אין מאַרק מיטן „פינגערהוט־שפּיל״׳ אַ לאַנג־קאַפּאָטעדיקן שוחט און אַן אוניפאָרמירטן פּאָלי־ציסט — יידן׳ מאַראַמאָרעשער יידן.

כמעט אַזוי איז עס געבליבן דאָס שטעטל. מ׳האָט עס נישט געקענט איבערמאַכן. האָט עס געמעגט ערגערן די שונאים׳ די עטלעכע פאַרנאַרטע׳ וואָס האָבן יעדן פּסח אויסגעשלאָגן די שויבן ביי יידן׳ ווייל זיי האָבן געקרייציקט דעם יויזל.

יידן זענען אין מאַראַמאָרעש תמיד געווען אין דער היים׳ פון דורות תושבים.

אַ סימן, האָבן דאָך אַפילו נישט־יידן געהאַלטן דין־תורות ביים „ראַבין“, געשאָכטן ביים יידישן שוחט. און וויפל פון זיי האָבן געהאַלטן יידישע ימים־טובים! האָבן דאָך זיי, די מאַראַמאַ־רעשער נישט־יידישע באַוווינער גערעדט יידיש צווישן זיך. זיי, די איינציקע אין מאַראַמאַרעשער דערפער, וואָס האָבן געלאָזט הערן אַ ייִ״יש וואָרט אין די יאָרן נייַנצן הונדערט פיר און פער־ציק — פינעף און פערציק, ווען קיין יידיש נפש איז אין גאַנץ מאַ־ראַמאַרעש נישט געבליבן.

יידן זענען אין מאַראַמאַרעש געווען אַלט־געזעסענע פון דורות. די טייס, דער מאַראַמאַרעשער ירדן, זינגט שוימענדיק אַ ניגון, אַ יידישן זמר, און נאָך דערצו אויף וויזשניצער נוסח...

און דאָך — מאַראַמאַרעש איז תמיד געווען אַן אָרעמער בעטלער, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט אַפילו אַ קרעכץ אויף זיין אייגן שלים־מזל, און ווער רעדט נאָך וועגן אַ שמייכל, אַ פאַלשן כאָטש, וואָס זאָל אָפּגאַנרן אין אַ בעסערן מאָרגן.

מאַראַמאַרעשער יוגנט, די אויסגעכאָוועטע אין נויט און אונטערן יאָך פון פרומע טאַטע־מאַמע, נאָך איידער מען האָט זיך צעבליט, איז מען שוין פאַרעלטערט געוואָרן.

יינגלעך און מיידלעך האָבן אין מאַראַמאַרעש קיינמאָל נישט געלאַכט מיט געזונט געצייטיקט געלעכטער; אין זייער לאַך האָט מען תמיד געהערט אַ טרויעריקן עכאָ, ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט פון די טיפע סמערעקע־וועלדער, אַן אָפּקלאַנג פונעם איינטאָניקן טייס־גערויש, וואָס אַקאָמפּאַנירט מאַראַמאַרעשער תמידיק אומגערעטעניש.

טאָ, איז דאָך אַלץ איינס וועגן וועמען און וואָס מע דער־ציילט, איז פאַר וואָס זשע זאָל מען נישט דערציילן וועגן איינעם אַ מיידל, וואָס האָט געלעבט איינפאַך, אָן ווער־ווייסט וואָסערע אַוואַנטורעס, אין משך פון דער צווישנצייט פון די צוויי וועלט־מלחמות; אַ מיידל, וואָס האָט געלעבט פשוט, ווי ס'לעבן דאָס רוב מאַראַמאַרעשער.

און אָט זענען זיי דאָ די עטלעכע בלעטלעך, אויסגעריסענע

פונעם לעבנס־ראָמאַן פון אײנער, לאָמיר זי אָנרופן סערל, אַ טאָכ־טער פון מאַראַמאָרעש.

ס'איז דער זעלבער גורל פון אַלע אירע שװעסטער און אויך, װען מיט קלײנע שנוים, דער גורל פון די מוטערס.

...װײל אָנשטאָט ליבע־לידער האָט די טײס, דער מאַראַ־מאָרעשער ײדישער ײדן, געזונגען אַ לויב־געזאַנג דעם מסחרדיקן שמוגל און נאָך דערצו אויף װיזשניצער נוסח...

אין די העלע, צעבלױעטע פרימאָרגנס רעכטן אָפּ די פײגל זײערע הוליאַנקעס. זינגען און טאַנצן פאָרלעכװײז און טשאַ־טעסװײז אין די גערטנער צװישן די בײמער.

מקובלים זאָגן, אַז זײ זינגען אַזױ שירה דעם רבונו־של־עולם. יעדע פײגל־חברותא אויף איר נוסח.

זומערדיקע פרימאָרגנס אין מאַראַמאָרעשער אױפסגערטנער זענען גאָר שײנע און האָבן גאָרנישט, לגמרי גאָרנישט, בשותפות־דיקס מיטן מאַראַמאָרעשער לעבנס־שטײגער...

...אין אײנעם אַזאַ „פּאָעטישן" פרימאָרגן האָט אַ „פּראָ־זאַישע" װאָראָנע געגעסן ניס אויף אַ פויערישן בוידעם. געפּיקט, געפּיקט אין הױפן ניס און צום סוף געכאַפּט אַ נוס אין שנאָבל און אַװעקגעפלױגן. געפלױגן, געפלױגן פון דאַך צו דאַך, פון בוים צו בוים, סתם אַזױ פון פאַרגעניגן, װי ס'זענען זיך נוהג װאָראָ־נעס. ביז זי האָט זיך אָן עפּעס דערמאַנט, אַרױסגעלאָזט די נוס פונעם מױל און אַװעק, גלײך זי װאָלט זיך דערמאַנט, אַז עמעצער װאַרט אויף איר.

...די נוס איז געפאַלן אין אַ גאָרטן, אַ פונאַנדערגעגראָ־בענעם, דערנאָך האָט גערעגנט. שפּעטער האָט דער פויער אַרומ־

געלייגט מיט דריי שטעקעלעך דאָס אָקאָרשט אויסגעקאַלצעטע ניסנביימלי.

ס׳האָט עס קיינער נישט פאַרזייט בכוונה. ס׳האָט קיינער נישט אַרויסגעקוקט אויף דעם. ס׳האָט פון עפּעס אַ „צופאַל״ אויסגעקאַלצעט, איז זאָל עס וואַקסן.

אָט אַזוי האָט אויך פּאַסירט דאָ: פון אַ נישט־געוווּנטשענעם „צופאַל״ איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, סערלי.

נו, מילא — זאָל עס זיין מיט מזל. באין ברירה — אַז ס׳איז — זאָל עס זיין.

אייגנטלעך איז גאָר קיין וווּנדער נישט, וואָס ביי דער געבורט פון סערלען איז אין דער משפחה קליין געווען די פרייד. נאָך מער, מ׳האָט כמעט אַרויסגעזאָגט, אַז מ׳האָט זי געקענט פאַרשפּאָרן. און דאָס נישט נאָר ווייל ס׳איז געווען דאָס צווייטע קינד שוין — אַ מיידל, נאָר סתּם אַזוי, ס׳האָט איצט נישט געמאַנגלט נאָך אַן עול פון אַ קינד. אין שטוב איז נאָך נישט געווען איבעריק פּרנסה, אויך אָנעם נייעם „גאַסט״.

דאָס־אַ, האָט מען געקאָנט הערן ביים פאָטער ביי אירן, וואָס האָט געגעבן אָנצוהערן פון שמועס צו שמועס, הגם אין אַ פאַרקליידטער פאָרעם, אַז ער האָט נישט „געפּידיונט״ ביים רבין וועגן קינדער. און אין דער אמתן אַריין, איז דען אַ חידוש? ער, יאָסל „דער באָלשעוויק״, וואָס האָט זיך מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק אומגעקערט פון רוסישער געפאַנגענשאַפט (פון דאָרט טאַקע מיטגעברענגט דעם צונאָמען „באָלשעוויק״!), און געטראַכט, נאָך דאָרט זייענדיק, ערגעץ אין טאָמסקער געגנט, אַז ווי נאָר ער קומט אַהיים, איז צו ערשט — זיך אָפּרוען אַ זומער ביי די שאָף. געוואָלט צוריקבאַקומען ביי די קעסעלעך שאָפּענער מילעך, אָט יענע כּוחות, וועלכע ער האָט פאַרלוירן סיי אין עגער (אַ שטעטל אין אונגערן), ווען ער האָט געפאַסט תּעניתים און נישט געשלאָפן דורך די נעכט, כדי ער זאָל זיין „אומטויגלעך״ פאַר פראַנץ־יאָסעפס אַרמיי; סיי נאָך דעם, ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן און ער האָט זיך

דערזען הינטער פשעמישל, און צום סוף כמעט דאָס ערגסטע — דאָס פילע צופוס גיין, אַנטלויפנדיק פון רוסישער געפאַנגענשאַפט.

ס'איז באַלד געוואָרן קלאָר, אַז נישט פון אָפּרוען זיך ביי די שאָף און נישט פון אַ גרינג לעבן — וועגן וועלעכן ער האָט געחלומט — קאָן נאָך גאָר קיין רייד נישט זיין.

האָבן זיי געלעבט ווי ס'האָט זיך געלאָזט. געוווינט אין אַ האַלב־ירושה הייזל, און זיך מפרנס געווען מיט געלעגנהייטליכן מסחר. קודם מיט טאַבאַק, בראָנפן און זאַלץ. מיט זיגלען אַלטע אונגערישע קראָנעס, מיט טוישן דייטשע מאַרק און צו ביסלעך אָנגעהויבן זיך דרייען אַלס מעקלער ביי האָלץ־מסחרים.

מ'האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן, פון באַלד נאָך דער מלחמה, און מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז עפּעס מער ווי אַ האַלב יאָר האָט מאַראַמאָרעש אויפגעביטן דעם בעל־בית; אָנ־שטאָט בודאַפּעסט איז געקומען בוקאַרעשט. טראַנסילוואַניע איז רו־מעניש געוואָרן.

די מוטער, רחל, האָט פון קיין פרנסה־זאַכן נישט געוווּסט צו טראַכטן. נישט איר טבע געווען. ס'גיט זיך אויס פרויען, וואָס מיינען, אַז דאָס געהער אויסשליסלעך דעם מאַן; ער דאַרף זאָרגן און זיי, די פרויען, טאָרן זיך נישט אַמאָל אינטערעסירן, אַריינ־מישן זיך אין די עסקים.

די מוטער איז געווען פון דעם מין פרויען.

זי, פון איר זייט, וואָלט מער צופרידן געווען, אויב שוין יאָ אַ קינד, טאָ זאָל שוין זיין אַ יינגל, אַ מיידל? דאָס האָט זי דאָך שוין.

הגם זי האָט עס ליב געהאַט דאָס נייגעבוירענע קינד (דאָך אַ מאַמע, און אַ מאַמעס האַרץ איז נישט קיין טאַטנס), דאַרף מען אָבער פאַרשטיין, אַז אַ חוץ דעם וואָס זי איז מוטער, איז זי פון פיל פריער, נאָך מיט עטלעכע יאָרן צוריק, שוין געווען פרוי. און אָט־אָ־דאָס טאַקע האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען פון איר שיינעם יונגווייבלדיקן געזיכט. מ'האָט געקאָנט אַראָפּלייענען דעם טיפן

אומעט׳ װאָס האָט איבערגעלאָזט שפּורן פֿון זיצן אַליין אין די מלחמה־יאָרן אָן אַ מאַן׳ מ׳האָט געקאָנט דערקאָנען׳ אַז זי פֿילט זיך געקריװדעװעט׳ װאָס דװקא דעמאָלט׳ װען זי האָט חתונה געהאַט — הגם יאָסל איז איר נישט געװען אין גאַנצן צום האַרצן׳ דאָך איז ער געװען אַ מאַן און זי אָן עלטערן — דװקא דעמאָלט׳ װען זיי זאָלן נאָר אָנהייבן זייער יונג לעבן פֿון מאַן און פֿרוי׳ איז אויסגעבראָכן די מלחמה׳ װייל „כ׳װייס־נישט־װער״ האָט געהרגעט דעם קייסער פֿראַנץ־יאָסעפֿס פּלימעניק...

און איצטער׳ אַז די מלחמה האָט זיך געענדיקט׳ די רעװאָ־לוציעס האָבן זיך איינגעשטילט און זי װאָלט געקאָנט איינמאָנען כאָטש עפּעס פֿונעם נישט אויסגעלעבטן לעבן׳ איז — מ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — נאַ דיר נאָך אַ מיידל צום טיש!...

איז דער פֿאָטער אַװעק אין דאָרפֿס־הויז און איבערגעחזרט כמעט דאָס זעלבע׳ װאָס ער האָט אויפֿגעצייכנט אין דער היים׳ ביי זיך אויפֿן דעקל פֿונעם „חומשל״; נאָר דאָרט אויף לשון־קודש־יידיש: „בתי׳ מיין טעכטערל׳ סערל׳ נולדה — איז געבוירן...״ און דאָ: „סילװיאַ אָװיטש׳ אַ מיידל׳ געבוירן דעם זעקס און צװאָנ־ציקסטן אַפּריל׳ ניינצן הונדערט ניינצן״.

# 2

בערל·

אַ טונקל־ברוינע׳ כמעט ציגיינעריש שוואַרצינקע מיט געקרייזלטע האָר׳ איז געווען אַביסל צו־קליין און צאַרט פאַר אירע יאָרן· און דער חידוש איז דאַס· וואָס אי דער פאַטער׳ אי די מוטער זענען געווען נאָרמאַל הויכע· אויך איר שוועסטער ווען זי איז געווען אין אירע יאָרן׳ עלעף יאָר אַלט׳ איז זי געווען פאַרהעלטנסמעסיק גרעסער· נאָר אַזוי ווי זי האָט אַראָפּגעירשנט גלייך פון דער באַבע׳ וועמענס נאָמען זי טראָגט׳ איר טונקלע הויט׳ האָט זי אויך איר נידעריקע וווקס געירשנט׳ צוזאַמען מיט איר חנעוודיקייט· ס׳מאַכט זיך אַמאָל אַזאַ פאַל אויך·

· און ס׳קאָן זיין׳ אַז גראָד אָט אַ־דאָס־אָ האָט איר צוגעגעבן צון איר באַטעמטקייט· האָט איר דאָך גענוג צוגעשפּילט דאָס מזל׳ חאָס די פעטערס אירע האָבן זיך מיט איר מער אָפּגעגעבן ווי מיט די איבריקע קינדער· איר געקניפּן די פונעם געבלימטן זומערקליידל נישט באַדעקטע אָרעמס׳ און זי האָט זייער אָפט אַרויסבאַקומען צון אַ ליי אויף טשאָקאָלאַדע·

אַ לעבעדיקע׳ תמיד לוסטיק מיידעלע׳ געווען די סערעלע· אַ רירעוודיק טעקל·

געענדיקט די פיר פּרימאַר־שולן׳ ווו זי איז געווען צווישן די ערשטע שילערינס; און אין חדר איז זי אויך נישט אַרונטער־

געבליבן אפילו נישט פון די ייִנגלעך (געלערנט דאָס חומש גלייך מיט זיי!), טאָ איז וואָס, אַז זי האָט פאַרריסן אַביסל דאָס נעזל?!

דאָס וואָס ס'האָט פאַר אַנדערע קינדער געפעלט, אין שפּי־לערייען, ווי לאָפּטעס און דאָס גלייכן, האָט זי געהאַט. וועגן מע־רערע טעמים. ראשית, האָט דער פאָטער אירער פאַרדינט נישט־קשהדיק (ער האָט אונטערגענומען צו האַקן דאָס וואַלד!), און סע ציילט נישט צו קויפן עפּעס פאַר די קינדער, זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו שפּילן. און שנית, האָט זי דאָך אַן עלטערע און אויך אַ יונגערע שוועסטער, איז פאַרשטייט זיך אַז ס'קאָן שוין נישט מאַנג־לען אין שפּיל־מכשירים, וואָס האָט זי דערהויבן אין דער קינדע־רישער חברותא אויף אַזוי פיל, אַז ביי יעדן אָנפאַנג שפּילן זאָל זי זיין די „ערשטע".

ס'קאָן זייער לייכט געמאָלט זיין, אַז טאַקע אָט אַ־דאָס זאָל געווען זיין די סיבה וואָס זי האָט זיך געוווינט צו רעדן צעצויגן, געפּיפּסטעט, גלייך זי וואָלט געווען אַ בת־יחידהלע. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מיוחס, ווייל זי האָט געזען אַז די קליינע זוכן איר חברשאַפט אין שול, אין חדר אוןביים שפּיל, און די גרויסע זוכן מיט איר צו זאַטשעפּען, זי וויינענדיק צו מאַכן — און דאָס פאַר ליבשאַפט.

די ייִנגלעך אין חדר האָבן איר טאַקע נאָכגעקרומט:

— אָט מיאַווקעט שוין סערי: „יאַ־אָ־אָ? וואַ־אָ־עס? ע־עך ווײי־ײי־ײ־ס?"...

ס'האָט זיך בכלל נישט געפּאַסט איר צעפּיפּסטעט רעדן מיט איר אָפּקלינגענדיקן געלעכטערל, מיט אירע שיינע קינדערישע ליד־לעך, געזונגענע מיט אַזוי פיל חן.

אַזאַ מונטערע איז זי געווען, סערעלע. תמיד האָט אַראָפּגע־שיינט פון איר רונד, ברוין פּנימל, אַ שמייכל, אַ זאַטער פון קינ־דערישע פרייד, קינדערישע צופרידנקייט. אַ שלימותדיקייט, אַ גליקלעכקייט האָט אַרויסגעבלישקעט פון אירע שוואַרצע אייגעלעך.

אַ גליקלעכקייט, וואָס מענטשן אין בייטיקן עלטער וואָלטן גרייט געווען אָוועקצוגעבן. אַ האַלב לעבן, זאָלן עס ערגעץ־ווו באַקומען...

ס׳האָט זיך אָבער אויך אָפט מאָל געמאַכט, אַז סערעלע האָט אַרויסגעוויזן אַז אין איר שטעקט אויך נישט ווייניק עקשנות; אַ גאַנץ היבשע צאָל קאַפּריזן, וואָס האָבן זיך מאַניפעסטירט מיט נישט וועלן עסן אָדער אָנברוגזן זיך אין מיטן שפּילן מיט די חברטעס, טאָמער איז עפּעס נישט געווען מיט אַלעם אַזוי ווי איר האָט זיך געוואָלט.

דערפאַר מאַקע האָט זיך עס טייל מאָל געענדיקט אויך מיט וויינען. און נאָך וואָס פאַר אַ וויינען?!

אויב איר לאַכן איז געווען אַ קלינגענדיקס, אויפן הויכן קול — איז דאָס וויינען אירס געווען אַ שטילס, אַ פאַרביסנס, אַ שטיל איינגעהאַלטן כליפּען מיט טרערן.

פאַר די יונגע פּעטערס, אירע, איז געווען ניתא אויך דאָס וויינען, און אפשר נאָך מער ווי דאָס לאַכן אירס. האָבן זיי דאָך געזוכט מיט איר צו זאַטשעפּען, זי מיט געוואַלד וויינענדיק צו מאַכן.

אַזאַ קינד איז זי געווען, סערעלע, אַ קאַפּו יונגע, אַ צעפּיעסטעטע. דאָס האָט מען אַרויסגעלייענט פון איר גאַוהדיקן קוק, וואָס האָט אָנשטאָט אָפּצושטויסן זי פון דער חברותא, אַדרבא, זי נאָך מער צוגעצויגן, זי נאָך חנעוודיקער געמאַכט.

...קינדעריש חן, קינדעריש שמייכל, קינדערישע רו און אומרו — ווו נעמט מען זיי צו באַזאַלצן זי ״נישט־קינדערישע״ עלטער?!...

# 3

מערל׳ אַ זיידן פּליטערל.

אין אַ בלומען־גאָרטן אַ זיידן פּליטערל׳ שוועבט פון רויז צו רויז. שטעלט זיך אָפּ דאָ׳ פליט צו אַהין־צו און צו אַ דריטער. און ס׳דאַכט זיך׳ אַז דאָס פּליטערל געהער אויך צו די בלומען׳ — איז אַ באַוועגנדיקע׳ שוועבנדיקע בלום.

דער ריח פון אַזאַ זיידן פּליטערל איז׳ דאַכט זיך׳ דער זעלבער וואָס פון אַ רויז. אַ זאַפטיקער דופט׳ אַ דערמונטערנדי־קער. דער חילוק איז נאָר׳ וואָס אזעלעכן פּילט מען נישט מיט דער נאָז שמעקנדיק׳ נאָר מיטן אויג׳ מיטן בליק. מ׳שטעלט אָן די בליקן און מ׳ציט אַריין אין זיך׳ ווי מיט אַן אָפּטישן מאַגנעט׳ דעם געשמאַק — אַ מחיהדיקן׳ וואָס זעטיקט דאָס געמיט. באַרויקט און רייצט מיטאַמאָל...

לעבעדיקע רויזן!...

מיט זעכצן אָפּגעציילטע פרילינגס הינטער זיך; אין דער סאַמע בלי־צייט׳ האָט סערל אָנגעהויבן מאַכן באַקאָנטשאַפט מיטן שטעטל. זי איז געפאָרן קיין סיגעט פאַרברענגען עטלעכע טעג ביי דער מומע. געפאָרן ״זען די וועלט״ ווי מ׳האָט געזאָגט אין דאָרף.

די לאַגע איז געווען אָט אַ־די: די מיידלעך אין שטוב האָבן אָנגעהויבן טראַכטן פון אַ תכלית. דער פאָטער׳ ר׳ יאָסל׳ האָט כמעט נישט פאַרדינט גאָרנישט. יענע האָלץ־געשעפטן׳ ביי וועלכע

ער האָט זיך פריער געדרייט און אַראָפּגעכאַפּט אַ פּראָצענט, אַ מעקלערײ, און געהאַט ד׳ערבײ שײן פּרנסה — די האָבן זיך געפעלט. האָט זיך עס טאַקע אָנגעהויבן דערקאָנען.

ריוּוטשו, די עלטערע שוועסטער סערלס, האָט געאַרבעט שנײדערײ. האָט פאַרדינט אויף אירע קלײנע הוצאות און דערמיט שוין נישט געפאַלן צו עול; אָבער מיט איר, מיט סערלען איז געווען אַן אַנדערע זאַך. זי איז נאָך געווען יונג, געענדיקט די זיבן קלאַסן אויפן דאָרף — אָבער וואָס ווט זײן װײטער? גײן לערנען אַצינד עפּעס אַ מלאָכה, איז פאַרבונדן מיט שוועריקײטן. ווו נעמט מען אויסהאַלטונג אויף דער לערן־צײט? און אַ מײדל דאַרף לעבן עסן אויך קלײדן זיך!

און דאָ, — די מומע גיטל האָט צוערשט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַרן פאָטער, איר ברודער, יאָסלען, אַז — צו וואָס וועט ער האַלטן אַ גרעסער מײדל, ווי סערל, אינדערהײם „אונטערן שפּיגל", און בײ זײ נעמען כמעט יעדע וואָך אויף האַלבע שבת־הוצאות; זאָל זי אַרײנקומען אַרבעטן צו זײ אין דער װירשטל־פאַבריק, קאָן פאַרדינען און העלפן אויסהאַלטן דאָס הויז־געזינדו. טאַקע, מ׳האָט שוין געזען בעלי־בתּישערע טעכטער פון איר גײן, נישט פאַר קײנעם געדאַכט, דינען, איז פאַר וואָס זאָל איר נישט אָנשטײן אַרויסהעלפן טאַטע־מאַמע, און דאָס נישט חלילה בײ קײן פרעמדן ?!

איז זי קודם געקומען סתּם אַזוי אין געסטערײ, אויף עטלעכע טעג און שפּעטער אָנגעהויבן, צוביסלעכווײז, זיך אַרײנאַרבעטן, צוערשט עטלעכע שעה אין טאָג און דערנאָך איז עס אַרײן אין דער ערנסט.

אײנמאָל איז געקומען אַ באַשטעלונג, וואָס מ׳האָט געמוזט תּיכּף אָפּפערן; אַ שאלה אַביסל? אַ נײער קונה צי סתּם אַזוי אַ גוטער קונה — מ׳קאָן נישט לאָזן וואַרטן, איז מוז מען איצט, די עטלעכע טעג, אָבער נאָר די עטלעכע, אַרבעטן אויך אָונטס...

און אײנמאָל מאַכט זיך, וואָס מ׳מוז אַרבעטן שפּעט, ווײל

מ׳מוז אויספאַרטיקן, אַז נישט ווען די קישקעלעך פאַרדאַרבן ווערן. און צום סוף, וואָס איז עפּעס די מעשה, האָט די מומע זיך געלאָזט הערן, פאַר וואָס זאָל זי נישט אַרבעטן אַביסל שפּעטער, ווען ס׳איז נויטיק; זי אַרבעט דען ביי אַ פרעמדן? ... עפּעס אַנדערש האָט אַ מיידל, בפרט אַ דערפּעריש מיידל, צו טון אין שטאָט?! וואָס, אַרומגיין מיט די יינגען? — דאָס האָט זי צייט שפּעטער, ווען זי וועט שוין אַלט זיין אַ דרייסיק־פינעף־און־דרייסיק יאָר! ...

„אַרומגיין מיט די יינגען״... סערלען האָט ער זיך אַריינגעגעסן, דער פּאָרוורף, טיף אונטער דער הויט. און דאָרט אונטער דער הויט קריכן זיי אַרום, דער מומעס בייזע ווערטער, ווי מוראַשקעס.

ס׳איז געווען אין איינעם אַ טאָג. אומגעראָכטן איז אַריינגעקומען לייבי אין פאַבריק, דערלאַנגט איר אַ בריוול און מיט אַ פילזאָגנדיקן בליק זיך אויסגעדרייט און אַוועק צוריק אין מיליטער. ער איז געווען אויף צוויי טעג אורלויב און נישט געקאָנט זי באַגעגענען, האָט ער זיך גענומען דעם מוט, זי צו זען און זיך צו ווייזן אין פאַבריק, ווו ער איז קיינמאָל נישט געווען.

פאַר דער מומע איז עס גענוג געווען, ווען זי האָט זיך דערפון דערוווּסט, אויף אָפּצושיקן מוסר־רייד און איינצושפּאַנען סערלען אין דער אַרבעט, נאָך מער ווי פריער.

סערלען האָט עס וויי געטון, וואָס לייבי האָט זי געזען ביי דער אַרבעט, געפּאַטשקעט זיך אין אַ שאַף אומריינע קישקעלעך, פון וועלכע ס׳האָט זיך געטראָגן אַ זייער נישט־אָנגענעמער ריח. זי איז שוין געוווינט געוואָרן מיט אָט דעם ריח; אָבער ער, לייבי, ווען ער איז אַריינגעקומען, וואָס אַן איינדרוק האָט עס אויף אים געקאָנט מאַכן?! ... און אַז די מומע האָט דערפון דערמאַנט, האָט עס זי טאָפּלט וויי געטון. זי האָט זיך דערפילט ווי צוגעדרוקט אין אַ קלעם, וואָס לאָזט נישט פריי אָפּאָטעמען.

און, הגם זי איז נאָך געווען אַזוי יונג, אַזוי שיין און מלא חן — האָט איר לעבנס־לוסטיקייט אָנגעהויבן אָפּטעמפּן. ס׳האָט

אָנגעהויבן אַהינקומען דער שמייכל פון די ליפן· ס'האָט זיך געדאַכט· אַז אָט יענער צואַדיקער ריס פון די קישקעלעך· וואָס באַלייט איר נאָך נישט אויסגעלעבטע יוגנט· קלעבט זיך שוין אָן איר אָן· אויף אייביק· און וועט זי באַלייטן אַזוי· אויף איר גאַנץ לעבן·

ס'האָט זי געקרענקט· איר פאַרשקלאַפטקייט צו דער אַרבעט· דאָס אַרט באַנעמען זיך מיט איר· ווי מיט עפּעס וואָס מ'קויפט עס און מ'קאָן עס ווידער פאַרקויפן· אָבער זי האָט געשוויגן און זיך געהאַרטעיועט אין איר עקשנות· דווקא די נויט און די אַלע סיבות וואָס האָבן זי געצוווּנגען צו אַרבעטן· האָט זי געצווונגען צו שווייגן· נישט אָפּצוענפערן דער מומע· אויף אירע שטעך־ווערטערישע מוסר־דיבורים·

זי האָט געוווּסט איין געבאָט· אַז זי מוז שווייגן און אַרבעטן כדי צו פאַרדינען די עטלעכע ליי·

סערל האָט געאַרבעט גוט און מ'קאָן אַפילו זאָגן אַז געטריי· זי האָט זיך· ווי נישט איז· אויסגעקליידט· ווייל מיט די דאָרפישע מלבושים האָט זי דאָ זיך ווייניק וואָס געהאַט צו ווייזן אין גאַס· איצט· אמת· איז זי נאָך אויך נישט "ווייס־איך־וויאַזוי"· אָבער דאָך בעסער ווי אויפן דאָרף·

זי האָט געאַרבעט געטריי· געוואַשן און געשווענקט די קישקעלעך פון צופרי ביז שפּעט אין אָוונט· ווייל איר האָט מען געצאָלט עפּעס בעסער ווי פאַר די אַנדערע מיידלעך וואָס אַרבעטן מיט איר צוזאַמען·

אָבער אַחוץ דער אַרבעט?

אַחוץ דער אַרבעט· האָט זיך געשפּרייט איר לעבן· דאָס טאָג־טעגלעכע· ווי אַ גראָע לייווונט· אויף וועלכער ס'קלעבט נישט קיין פאַרב· נו· וואָס פאַר אַ בילד קאָן דערפון אַרויס קומען?...

אַחוץ דער אַרבעט — איז געווען די טייס· די איזע און דער באַרג לעבן מיל־גאָרטן· וועלכע האָבן גערופן די יוגנט· סערל האָט אויך געהערט זייער רוף· אָבער קיין צייט נישט געהאַט פאַר

זיי. זי האָט פונעם לעבן, פון איר אזוי יונגער יוגנט נישט געקאָנט געניסן כמעט גאָרנישט.

...אַ זיידן פליטערל אויף אַ פוסטע פעלד,

שוועבט פון קראָפּעווע צו קראָפּעווע, זויגט זיך אָן מיט קראָפּעווע־בלי; דעם שיינעם ווייסן בלי אָבער דאָך ביסנדיקער, ברענענדיקער.

סערל איז אויך געווען אַזאַ זיידן פליטערל, אין אַ גאָרטן פון קראָפּאָווע בלומען.

ס'איז די יוגנט פון קראָפּעווע־בלומען; פון פרילינגס אָן זון, פאַרוואָלקנטע, רעגנדיקע מאַי־טעג...

# 4

ביים דער שוסטער האָט געוואָלט חייזן וואָס ער ווייסט און אַז ער קאָן פירן אַ פּאַרזיק.

— דאָס איז נישט אויפן סדר־היום!

— פאַר וואָס איז עס נישט?

— איר האָט נישט דאָס וואָרט, חברטע.

— דאָס ביבליאָטעק איז נישט קיין פּריוואַט אייגנטום.

— נו, טראָגט עס אייך אַהיים!

— חברים, דאָס איז נישט קיין דיסציפּלין. אַלע רעדן מיט־אַמאָל און דערפאַר הערט מען גאָרנישט... חברטע, איך גיב אייך דאָס וואָרט.

סערל האָט אָנגענומען אַן ערנסטע מינע און אָנגעהויבן לאַנג־זאַם, ציִענדיק יעדעס וואָרט, ווי איר טבע איז געווען.

— חברים, לאָמיר קודם קלאָר מאַכן פאַר אונדז אַליין: זענען מיר אַלס מיטגלידער פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד מחויב זיך אונטער צו וואַרפן דער פּאַרטיי־דיסציפּלין צי...

— אָבער אַדמיניסטראַציע? וויאַזוי וועט זיין אַדמיניס־טראַציע?...

שמואל, אַ קליינוווקסיק יונגל, אַ שוואַרצענקער, האָט איבער־געשלאָגן די רייד. כאָטש עלטער פון סערלען מיט פינעף יאָר, איז ער אין וווקס געווען די העלפט. און דאָך, אַז זי האָט געזאָגט

עפּעס׳ האָט ער איר געקוקט אין מויל׳ געשלונגען מיט אַפּעטיט אירע ווערטער׳ האָבן די חברים טאַקע געהאַלטן אַז ער איז פאַר־ליבט אין איר׳ אָבער זי האָט זיך נישט געמאַכט דערפון׳ זי האָט אָנגענומען זיין אויפמערקזאַמקייט׳ וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן׳ אַלס חברשאַפט׳ אידעאָלאָגישע חברים׳ דאָס מאָל האָט ער זיך אָנגע־כאַפּט אָנעם וואָרט „אַדמיניסטראַציע״׳ ס׳קלינגט עפּעס פרעמד׳ דאָס וואָרט׳ ביי׳ היינטצייטיקי׳ אַזאַ וואָרט׳ האָט ער געוווסט׳ וועט אים פאָרשטעלן פאַר אַן „אינטעליגענט״׳ אים׳ דעם ישיבה־יינגל׳ און־טערן וואָרט „אַדמיניסטראַציע״ האָט ער געזאָגט פיל און נאָך פיל מער האָט ער געוואָלט זאָגן מיט אָט דעם איינעם וואָרט׳ אַלעס וואָס זיין כוח־הדמיון האָט אים נאָר געקאָנט אויסמאָלן׳ דאָס האָט געהייסן: פּאָליטיק׳ ווירטשאַפט׳ אָרדנונג און וווילשטאַנד׳ און אַחוץ דעם האָט עס געזאָלט הייסן: אָט־האָב איך געזאָגט אַ פרעמד וואָרט׳ אַ קלוגס׳ אַן „אינטעליגענטס״׳ איך ווייס נישט וואָס דאָס הייסט? און איר ווייסט דען יאָ?!... איז דאַרף מען חיסן איינ־מאָל פאַר אַלע מאָל:

— ...אַן אַדמיניסטראַציע איז גאָרנישט!

— חברים׳ די פאַרטיי האָט שוין אַזויפיל דערפאַרונג אין איר טעטיקייט און ווייסט וויאַזוי׳ און וועט באַשטימט אויסגעפינען אַ מיטל...

חיים דער שוסטער איז געווען דער׳ וואָס איז געקומען תמיד מיט דער „פאַרטיי־דערפאַרונג״׳ ער גופא איז געהען דער רעפּרע־זענטאַנט פון דער דערפאַרונג׳ ער האָט געהאַט די דערפאַרונג פון לופּעני און בוהוש׳ ווו ער האָט טיילגענומען אין די סטרייקן׳ הגם ס׳האָט געהייסן׳ אַז דאָרט האָט מען אים אויסגעשלאָסן פון דער פאַרטיי׳ דאָ אָבער אין מאַראַמאָרעשער שטעטל איז עס געווען ניחא׳ ער איז געווען אַ טויגלעכער מיט גוטע „עלנבויגנס״׳ ער האָט זיך געקאָנט אַריינדרייען ביי דער קהילה צו זיין קהלס־מאַן׳ אין דער „מזרחי״ — גבאי׳ אין שטאָטס־הויז — ראָט־מאַן׳ אין דער חבורא־קדושה — חברה־מאַן; איז דאָך אַוודאי און אַוודאי אַ פּשיטא —

אַז נאָר ער קאָן זיין דער אָנפירער פון דער אומלעגאַלער קאָמו־ניסטישער יוגנט.

ער האָט זיך אָנגעצונדן דעמאָנסטראַטיוו אַ ציגאַרעטל, צו ווייזן, אַז ער רייכערט שבת און פאָרגעזעצט:

— ...קאָנספּיראַטיוויטעט, דאָס איז דער אַלף־בית ביי אַ קאָמוניסט. דערפאַר זאָג איך, אַז מ׳וועט געפינען אַ מיטל ווי צו פאַרשפּרייטן דעם "רויט־מאַראַמאָרעש" צווישן די פּויערים און אַרויסרופן דעם אינטערעס, זיי זאָלן אים לייענען. מיר האָבן גע־לעזט גרעסערע פּראָבלעמען, גרעסערע שווערעקייטן. אָט, למשל, קריק מיט אַכט יאָר, אין ניינצן דרייסיק, האָט מען אַראָפּגעבראַכט פון יאַס דעם חבר שאָר, אויסצושולן קאַדרען און אין דרויסן האָט מען געוווסט אַז ער איז שוחט.

שמואל האָט אים איבערגעשלאָגן.

— צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער איז געווען אַ טראָצקיסט...

— נישט פון דעם רעדט מען, צי יאָ טראָצקיסט צי נישט טראָצקיסט. כ׳האָב נאָר געוואָלט אָנווייזן, אַז איין און דערזעלבער קאָן גיין מיט באָרד און פּיאות, שאַרפן די חלפים ביי די שוחטים און צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך האַלטן קורסן פון מאַרקס־ענ־געלס און לענין־סטאַלין...

צוויי מיידלעך האָבן זיך עפּעס געשושקעט אין די אויערן, וואָס ס׳איז אויפּפאַלנד געוואָרן און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט.

— חברים, וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ פאָרגאַנג, וואָס איז דאָס פאַר אַ סודען זיך ?

— טאַקע, מאַכט אייך קוראַזש און זאָגט הויך אויף אַ קול, וואָס איז ?

דאָס מיידל איז רויט געוואָרן, ווי איינע וואָס באַקומט דעם ערשטן קוש פון אַ יינגל.

— כ׳האָב געוואָלט פרעגן — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט נישט געוואַגט — צי מוז מען טאַקען אַלס קאָמוניסט רייכערן שבת ?

— מוזן?! ווער זאָגט?

— חברים, ווער וויל ענפערן; ווער בעט דאָס וואָרט?

חיים דער שוסטער האָט זיך דערמיט געוואָלט אַרויסווייזן דאָס אידעאָלאָגישע בקיאות. געוואָלט אַז עמעצער זאָל ענפערן, צוגרייטן, אָנהויבן און אוודאי נישט דערפאַרטיקן, וועט ער דעמאָלט קומען און אַרויסווייזן אַז נישט אומזיסט האָט ער זיך געוואַלגערט אַן אַרבעטס־לאָזער אין בוהוש, ער האָט געלערנט מאַרקסיזם.

— איר? ביטע, חברטע סערל האָט דאָס וואָרט.

— צוערשט זאָל די פראַגע געשטעלט ווערן ווי ס׳פאַרלאַנגט זיך: צי „מעג״ אַ קאָמוניסט רייכערן אום שבת און נישט צי „מוז״. מוזן, זאָגט מען זיך אַ ווערטל, מוז מען שטאַרבן. נו, דאָ שפּעלט זיך דאָס פּראָבלעם נישט דווקא פון שבת נאָר פון אַלע רעליגיעזע ענינים, וואָס דער מאַרקסיזם וואַרפט זיי אָפּ, און פאַרשטייט זיך, אַז אויך שבת...

דאָס מיידל האָט זיך נישט געלאָזט און איבערגעשלאָגן.

— יאָ, אָבער דאָ האָט מען צו טון נישט מיטן שכל, מיט אידעאָלאָגישער איינשטעלונג, נאָר מיטן האַרץ, מיט געפילן איינגעבאַקענע טויזנטער יאָר, פון וועלכע מ׳קאָן זיך נישט באַפרייען. אָט, למשל, אין דער טעאָריע בין איך מיט אייך פולשטענדיק מסכים און דאָך איז עס מיר אומבאַקוועם, אין דער טאַט, זיצן דאָ ביים טיש מיט חברים וואָס רייכערן.

סערל האָט זי פאַרשטאַנען. איר איז עס אויך געווען אומבאַקוועם. זי האָט זיך אויף אַ מינוט פאָרגעשטעלט ווי ס׳וואָלט אויסגעזען, ווען ס׳זאָל אַ פרעמדער מענטש אַריינקומען אָדער דערזען דורכן פענצטער, וועט זי מאָרגן נישט געפינען קיין אָרט נישט אין דער היים ביי די עלטערן און נישט אין דאָרף.

— דאָס איז פאַראורטיילן, וואָס מיר, דער נייער דור, האָבן זיך כמעט שוין באַפרייט.

— און וועלכע זיי קאָנען זיך נישט אַמאָל אָנהויבן צו באַפרייען?

— איז אָט וועלן זיי זיך באַפרייען, איך שלאָג פאָר — האָט חיים אָנגענומען אַ שאַרפן פּאַטעטישן טאָן — אַז יעדער פון די דאָ אָנוועזנדיקע זאָל אַ צי טון פונעם ציגאַרעטל, אָנגענומען ?

— אָנגענומען, אָנגענומען.

— אָנגענומען !

דאָס רוב האָט מסכים געווען, כאָטש זיי איז עס געווען זייער שווער ; ס'איז דאָס ערשטע מאָל, זיי האָבן אָבער געוווסט אַלע, אַז דערביַיט וועלן זיי זיך פאַרזיכערן, אַז קיינער וועט נישט דערציילן, ווייל אַלע וועלן זיין מיטבאַטייליקטע.

דאָס ציגאַרעטל איז געגאַן פון מויל צו מויל. יעדער האָט אַ צי געטון, אַ זויג געטון מיט די ליפּן אַביסל רויך און עס דער־לאַנגט אַ צווייטן. סערלען האָט אַרומגענומען א געפיל, אַ טאָפּלטס. זי האָט געפילט, אַז זי באַגייט אַן עבירה, נישט אַזוי קעגן גאָט ווי קעגן זיך אַליין. זי טוט אָפּ אַ זאַך, אַ נישט שיינע, ס'בלייבט אַ פלעק אינעווייניק, אין איר, אויף דער נשמה, וואָס מ'וועט אויף איר אָנזען אין דער היים, אויף דער גאַס. זי ווייסט אַז פון איצט אָן וועט זי שוין טון אויך אַנדערע זאַכן. יאָ, זי האָט זיך באַפרייט פון די "פאָראורטיילן". און אין דערזעלבער צייט האָט זי געפילט, אַז זי טוט אָפּ עפּעס, וואָס איז ניי פאַר איר. זי גייט אַריין אין די רייען פון פרייע, באַוווסטזיניקע. זי האָט געפילט דאָס וואָס אַ בר־מצווה יינגל פילט, ווען מ'רופט אים אויף צום ערשטן מאָל צום ספר־תורה. ער הויבט אָן זיין אַ "גרויסער". פאַררעכנט צווישן מענטשן.

אַהיימגייענדיק האָט סערל געשפּינען חלומות : וויאַזוי וועט עס אויסזען ?... אַן אוניפאָרם וועט זי האָבן. גוט געניייט, צוגע־פּאַסט צום קערפּער ווי אויף אַן אָפיציר. ביי דער זייט וועט איר נאָכהענגען אַ שווערער רעוואָלווער... אין דער היים — אַ ראַ־דיאָ... די עלטערן ? נו, דעמאָלט וועלן זיי אויך צופרידן זיין. יאָ, דאַכט זיך, זי הערט עמעצער רופט זי : "חברטע קאָמיסאַר ! חברטע אָוויטש !". יאָ, זי וועט אַריינשטעקן די האַנט אין רימען און ענפערן:

„יאָ, חבר, איך בין עס — קאָמיסאַר סערל אָוויטש!”... מ׳וועט זי אַרעסטירן? נו, איז וואָס? וועט עס נאָך אַזוי בעסער זיין. זי וועט עס אויסהאַלטן, איבערטראָגן אַלעס (ווי זי האָט געלייענט אין יענעם ביכל!), און דערנאָך, „דערנאָך” נאָך דער וועלט־רעוואָלוציע... אין טיש וועט זי שלאָגן מיט דער פויסט: „היינט איז אייך שוין גרינג צו זיין קאָמוניסטן, ווען מיר זענען ביי דער מאַכט. אָבער דעמאָלט, דעמאָלט בין איך געווען אַרעסטירט ביי דער סיגוראַנצע. מיר האָט מען געצויגן די האָר, געברענט די נעגל פון די פינגער און געזעסן אין תפיסה!”...

פאַר דער טיר פון זייער הויז, האָט סערל נאָכאַמאָל אַהינטער געקוקט. יאָ, דאַכט זיך, אַז עמעצער האָט גערופן. ווער?

— חברטע, קאָמיסאַר אָוויטש!

הגם זי האָט קיינעם נישט געזען, האָט זיך דער חלום געשפינען ווייטער, ווי פון זיך, זי איינצושלעפן מיט חלומות.

— ווער האָט זי גערופן, לייבי?...

# 5

♦♦♦אײנער שפּילט אויף אַ פידל, אַ צװײטער אויף אַ פלײט און װער אויף אַ פײפל, אַ פויק און אַנדערע כּלי־זמרים. טײל הערן זיך בלויז צו. נישט מער װי זײ הערן צו. פון די צוהערער װידער איז אויך דאָ, װעלכע קלאַפּן צו מיט אַ פינגער אויפן טיש צום טאַקט, װעלכע מיטן שפּיץ פוס און באַלײטן אַזוי, מיט די נערװן טאַנצנדיק, דעם ניגון װאָס ס'שפּילט אַן אַנדערער.

אַן אַנדערער שפּילט — זײ שפּילן מיט.

אַן אַנדערער שפּילט — זײ קוקן זיך נאָר צו.

אין לעבן איז אויך אַזוי. אײנער זינגט, זינגט אַ ניגון פון פרײד, פון לעבן. דאָס געזאַנג צעגײט זיך װי עלעקטרישע װעלן און שלאָגן אָן דאָ—דאָרט, און געפינען פיל מאָל אַן אָרט, װו זײ װערן אויפגענומען, שפּיגלען זיך אָפּ און פאַרבונדן לעבנס, צופעליק באַגעגנטע, אין אײן געזאַנג, אין אײן פרײד...

לײבי האָט זיך עס געװאָלט פאָרשטעלן און מאַכן אַ זעלבסט־אַנאַליז. אַזוי זיצנדיק אַלײן בײם טישל פאַרן רעסטאָראַן, זענען אים געקומען די מחשבות, װאָס האָבן אים צו רו נישט געלאָזט. ער זיצט דאָ אַלײן, אין דרויסן. זי, סערל, איז דאָרט אינעװײניק, מיט דער חברותא, ייִנגלעך־מײדלעך, מ'טרונקט ביר.

...דאָס געזאַנג נעמט אַרום. יאָ, לאָמיר זאָגן, עמעצער שלאָפט אַלײן אין אַ צימער. פון יענער זײט דער װאַנט הערט זיך

אַ געלעכטער׳ אַ פרייד· אַ מאַן איז אַהיים געקומען צו דער פרוי· אַ פאָטער צו קינדער׳ צי אַ ברודער׳ וואָס האָט געפעלט אַ לענגערע צייט· זיי׳ די פון יענער זייט דער וואַנט׳ פונעם צווייטן צימער זענען פרעמדע פון איב׳ און דאָך די פרייד וועט אים אויך אַרומנעמען און ס׳וועט זיך אים וועלן אַריינגיין צו יענע שכנים זאָגן: איך בעט אייך׳ נעמט מיך אויך אַריין אין אייער פרייד׳ ס׳איז אויך מיינע׳ כאָטש איך בין אַ פרעמדער··· די מאַגנעטישע געזאַנג און פרייד־שטראַלן האָבן אים אויך אַריינגעפלאָכטן· דאָס זעלבע ווען ער וועט הערן אַ געוויין· עמעצער אַ פרעמדער׳ ער האָט אים קיינמאָל נישט געזען· ער ווייסט נישט ווער ס׳וויינט׳ דאָך וועט זיך אים וועלן אַריינגיין זאָגן: וואָס וויינט איר׳ זאָגט מיר׳ איך בעט אייך· ניין׳ איר זאָגט נישט? מיר איז אַלץ איינס׳ סייווי וויין איך מיט מיט אייך׳ ס׳איז דאָך אויך מיין אומגליק· כאָטש איך ווייס פון אים נישט··· די מאַגנעטישע קלאָג און טרויער־שטראַלן האָבן אים אויך אַריינגעפלאָכטן·

וויפל מאָל האָט עס מיט אים׳ מיט לייבין׳ שוין אַזוי פּאַסירט? נישט קיין חידוש׳ אַ פילנדיק׳ מיטפילנדיק׳ האַרץ איז אַזוי· און דאָך — דאָס מאָל איז עס אַנדערש·

אָט איז אַזאַ שיינער זומערדיקער זונטיק נאָכמיטאָג· אַלע האָבן זיך געבאָדן אין שטראַנד׳ געשווימען׳ אַרומגעלאָפן׳ פאַרווילט׳ נאָר ער איז געשטאַנען און האָט געקוקט׳ ווי אַ קינד וואָס קוקט אָן די טשאָקאָלאַד אין דער וויטרינע···

ער האָט זיך נישט געבאָדן׳ נאָר געקומען פשוט אַזוי אין איינעם מיט אַנדערע· סערל האָט זיך געבאָדן· ער האָט זיך נישט געבאָדן׳ ווייל די מוטער זיינע׳ אַ פרומע פאַנאַטישע יידענע׳ וועט נישט אויסהאַלטן פאַר יסורים׳ אַז ער זאָל זיך באָדן אין שטראַנד מיט מיידלעך צוזאַמען· יאָ׳ ער לעבט נישט אַליין דאָס לעבן· ער הערט עס נאָר זינגען פון אַנדערע און זעלטן׳ זעלטן חען שלאָגט׳ ער אויך צו צום טאַקט און ס׳דאַכט זיך אים׳ אַז ער זינגט מיט — ער לעבט אויך·

נאָכן באָדן זענען אַריין די עטלעכע חברים, יינגלעך און מיידלעך, טרינקען ביר. סערל איז אויך אַריין. ער איז געבליבן אינדרויסן אַליין, ער האָט נישט געוואָלט אַריינגיין. אַז ער האָט נישט קיין געלט צו צאָלן, וועט ער נישט גיין טרינקען אויף אַן אַנדערנס טאַש.

פאַר דער טיר זענען זיי שטיין געבליבן.

— קום אַריין, לייבי, דו קומסט נישט ?

— ניין, בלייב דאָ, סערעלע, מיט מיר.

— קום, איך בלייב נישט.

— פאַרוואָס ?

— קום !

זי האָט אַרויסגעריסן איר האַנט פון זיינער און איז אַריין צו די אַנדערע. ערשט דאָרט, זיצנדיק ביים טיש, ביים ביר, האָט זי זיך איבערלייגט די זאַך, אַז זי האָט אים נישט געדאַרפט לאָזן אַליין. יאָ, ס'איז געווען אַ נאַרישער מיידלעשער קאַפריז. יאָ, זי האָט זיך ערשט איצט משער געווען פאַר וואָס לייבי איז נישט אַריינגעקומען. ער האָט נישט קיין געלט. ער פאַרדינט איצט נישט. געקומען פונעם מיליטער אָפּגעריסן ; ווייסט זי דען נישט זיין לאַגע ? יאָ, זי האָט באַמערקט די זאָקן זיינע זענען צעריסן ביי די פיאַטעס... אַ קלייניקייט : צעריסענע זאָקן — און וואָס אַ שלעכטן איינדרוק זיי קאָנען איבערלאָזן אויף אַ מיידל ?!... סערל האָט זיך אַליין געמאַכט אַ פאַרוואורף.

און תיכף האָט זי גענומען טראַכטן אַנדערש.

וואָס איז ? זי האָט נישט קיין רעכט צום לעבן ?! צי דאַרף זי נאָר צוקוקן ווי אַנדערע באָדן זיך, לאַכן, שפּילן זיך, נעמען זיך אַרום, און זי ? זי זאָל לעבן מיט די חלומות פון די ביכלעך, מיט חלומות פון סאָציאַליזם ?...

סערל האָט זיך געפילט באַעולעט. זי האָט זיך דערזען אַ שוועלבעלע אַן פליגל, כאָטש זי וואָלט געוואָלט פליען, פליען, לעבן.

ערשט אויף דער נאַכט, אין בעט, האָט זי זיך געמאַכט דעם חשבון:

יאָ, זי וועט ענפערן דעם פעטער שמואל קיין מעקסיקאָ, אַז ער זאָל איר שיקן אַ בילעט. זי פאָרט, יאָ. ער איז עלטער פון איר אַ פופצן יאָר? איז וואָס?!... זי וועט זיך עס האָבן גוט ביי אים, רעדט איר דאָך איין די מוטער. ביי ליבין וואָס קאָן זי זיך דערוואַרטן? מיט ליבע אַליין קאָן מען נישט לעבן (גלייך זי הערט איצט די מוטער!). תיכף אין דער פרי, נאָך דער ערשטער חתונה־נאַכט, דאַרף מען עסן איבערבייסן, און ווען ס'קומט צום עסן איז אויס ליבע...

סערל האָט געוווסט, אַז די מוטער, אירע, זאָגט עס נישט פון שלעכטקייט. זי ווייסט, אַז די מוטער, ווי יעדע מוטער, וויל ביי איר זען נאָר גוטס. און לויט איר מיינונג איז דער פעטער שמואל "גוט". ער האָט דאָרט, אין מעקסיקאָ, אַ שוך־פאַבריק, פאַרשמט פאַר אַ גביר אַדירי.

פראָסטיטוציע? ווער האָט עס געזאָגט, לייבי? ניין, נישט ער. עמעצער, אַן אַנדערער, האָט געזאָגט, אַז דאָס הייסט פראָס־טיטוציע. מ'פאַרקויפט זיך פאַר געלט... און ווען פראָסטיטוציע? איז דען די גאַנצע געזעלשאַפט נישט פראָסטיטואירט? און אַז די יינגלעך נעמען נדן?!... איז דען דאָס לעבן אין גאַנצן נישט פראָסטיטוציע אין פאַרשידענע פאָרמען?

זי האָט זיך געוואָלט איינשלעפן מיט קינצלעך געמאַכטער האָפנונג, כאָטש זי האָט גוט געוווסט, אַז דאָס־אָ, די געדאַנקען, זענען פאַריבערגייענדי"קע. זי וועט נישט שרייבן דעם פעטער שמואל. זי דאַרף אים נישט. פאַר וואָס נעמט ער נישט אַרויס די שוועס־טער, ריוושון, זי איז דאָך עלטער פון איר?

און אַז ער האָט אַ שוך־פאַבריק, איז וואָס? מיט דעם־אָ וועט זי שוין גליקלעך זיין? ליגט דען שוין באמת דאָס גליק נאָר אין עסן? יאָ, און וואָס איז גליק? ווען קאָן מען דערגרייכן צו גליק? איז בכלל פאַראַן גליק?...

...ווען איז דאָס לעבן אָריגינעלער, אינטערעסאַנטער, אין ווילטאָג צי אין דחקות?...

ווען פילט מען דאָס לעבן מער? שלאָפנדיק ווינטער אין אַ וואַרעם בעט צי דעמאָלט, ווען מ׳ציטערט איבער אַ נאַכט אַ גאַנצע אין דרויסן, אין דער קעלט?

ווען פילט מען דאָס גליק מער? ווען מ׳שלאָפט איניינעם מיט אַ יינגל אַרומגענומען, קערפער צו קערפער, צי דעמאָלט ווען מ׳שלאָפט אַליין, מ׳מאַכט צו די אויגן, מ׳נעמט אַרום דאָס קישן און מ׳חלומט אַ יינגל, ווען?...

וואָס איז חשובער: די רעאַליטעט צי דער חלום? איז נישט שענער דער חלום, רייכער, מילדער, ברייטגעביקער ווי די ווירקלעכקייט?...

סערל איז אַזוי איינגעשלאָפן, חלומענדיק.

# 6

פרילינג... פרילינג...
אויבן — הימל טיפער, הימל צעבלויעטער.
אונטן — גערטנער צעגרינטע,ביימער צעבליעטע, זונען־שטראַלן צעזייעטע, פעלדער צעברינדושעטע, פרילינגדיקע פייגל־מוזיק, זון־בלומען לוסט־שפּיל, אויף שטראַלן־סטרונעס, פאַרשפּרייט געזאַנג און פרייד, וועקט און מונטערט צו לעבן, צו תּאַווה און גענוס.

...און ס'ווילט זיך, ווי יהושיע בן נין, אָפּשטעלן דעם גאַנג פון דער זון, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ס'זאָל נישט זיין מער אַ "געווען" און אַ "ס'וועט זיין", אַן עבר מיט אַן עתיד, נאָר תּמיד, תּמיד זאָל "זיין", אַ זיין, וואָס הויבט זיך נישט אָן מיט אַן אָנהויב און לאָזט זיך ממילא נישט אויס מיט אַ סוף...
ס'ווילט זיך אָפּשטעלן די זון אויף איין אָרט, ס'זאָל זיין תּמיד אַזוי, פרילינג — לויטער פרילינג...

פרילינג... וויפל דיכטער האָבן דיך שוין באַזונגען? וויפל שוין זענען געקומען אַזוי, דור נאָך דור, און געפּרוווט איבערגעבן מיט זייער פען, אַן אָנונג כאָטש, פון יענעם געפיל, וואָס נעמט אַרום אַ יעדן בשר־ודם און הויבט אים אויף העכער מיט אַ מדריגה, רוחניותדיקער; אָט יענע פרילינג טעג, וואָס מאַכן יונגער, דאַכט זיך, לעבעדיקער, לוסטיקער?...

פרילינגדיקע זונען־שטראַלן... וויפל מאָלער האָבן זיך שוין איבער אייך פאַרמאָסטן ?! וויפל שוין זענען געקומען אַזוי, דור נאָך דור, און געפרווווט איבערגעבן מיט זייער פּינדזל, אַ שאָטן כאָטש, פון אייער ליכטיקייט, פון אייער כּישוף, מיט וועלכן איר וועקט די גאַנצע בּריאה צום לעבן, צו פרייד און פאַרגעניגן ?...

פרילינג...

וויפל מוזיקער האָבן שוין געפרווווט זייערע כּלי־זמרים, דור נאָך דור אַזוי, אויפצובּרענגען איין קלאַנג כאָטש, פון אָט יענעם געזאַנג, דער הייליקער פרילינג־מזמור, וועלכער הילכט אָפּ אין דער טיף, פונעם הימל בּיז צור ערד, פון מזרח בּיז מערב; יענעם הייליק־שטילן פרילינג־הללויה — פון קיינעם נישט געשפּילט און דאָך פון אַ יעדן און אַלעם געהערט ?:..

און — אויך די מאַראַמאָרעשער פּרילינגס, די פּשוטע, זענען נאָך נישט דערמאָלן און נאָך נישט דערזינגען געוואָרן.

און מאָג זיין, אַז ווען מ׳זאָל קאָנען צונויפגיסן אין איין האַרמאָניש בּילד, אי די שיינקייט פון די צעגרינטע סמערעקע־וועלדער, די צעבּליטע קאַרשן־ביימער, אי די מוזיקאַלישע סימ־פאָניע פון דעם "מעע" פון די פּרישע לעמעלעך, אָקערשט אַרויס צום ערשטן מאָל אין דער פּאַשע...

ווען ס׳זאָל קומען דער נאָך נישט געבּוירענער דיכטער, וואָס זאָל האָבן אַ פּען־פּינדזל־פייפל; מיט איין האַנט מאָלן די פּרישע בּליטן און מיט דער צווייטער אויסדיכטן, אויסשפּילן די מוזיק, וואָס טראָגט זיך איבער פון נישט לעבּעדיקער צו לעבּעדיקער נאַ־טור, און פון נאַטור צום מענטש; אָט יענע מוזיק, וואָס מאַכט דעם מענטש פול מיט לעבּן, מיט האָפענונג, און נאַרט אים אָפּ, אַז אָט, אָט איז געקומען אַ צייט, אַ פּרילינג, וואָס איז נאָך נישט גע־ווען, דאַכט זיך, אַז אַזוי איז טאַקע נאָך נישט געוועו — איצט איז עס צום ערשטן מאָל, בּראשיתדיק...

יעדער פּרילינג, אויך יעדעס יונגע נייע לעבּן, דאַכט זיך

איז אַזוי אָפּנאַרעריש, אַזוי צוזאָגנדיק: ס'איז אַ נייעס, אָט אַ־דאָס איצטיקע, איז עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס איז געווען ביז איצט...

פרילינג אייביק איבערחזרנדיקער און דאָך אייביק נייער, פיל־פאַרבנדיקער כּישוף־פּאַן, ווען וואָלט נאָך געווען אַ פּאַסיקערע צייט צו פייערן סערלס געבורטס־טאָג, ווי אין אָט אַזאַ רויזן־לעמלעך פרילינג?!...

אין דאָך סערל אויך אַ רויז, אַ יונגע נאָך, אַ פרילינגדיקע. דער איינאַונצוואָנציקסטער פרילינג אירער, אַ בלום, וואָס שמעקט מיט יוגנטלעכער לעבעדיקייט. פול מיט בלוט און פרייד; מיט ענערגיע און געזאַנג. און דאָן...

קיינמאָל האָט זי נאָך נישט באַקומען קיין געשענקען צון איר געבורטס־טאָג, ווי ס'פלעגן זיך באַרימען אירע חברטעס. און, אויך איצט וועט זי נישט באַקומען, זי ווייסט עס. קיין איבער־ראַשונגען זענען נישטאָ, זיי האָבן נישט פון וווּ צו קומען. לייבי? יאָ, ער האָט אויך אַצינד, ווי פאַראַיאָרן, איר דערלאַנגט אַ קאַר־טעלע, אָנגעשריבענע שורות צון איר געבורטס־טאָג:

„לויפן טעג, ס'לויפן יאָרן —
צייט ווייסט נישט קיין רו.
ערגעץ טיף אין זכרון,
טליעט אַ חלום: איך און דו...“

די שורות זענען איר געווען כּמעט אומפאַרשטענדלעך. און וואָס זי האָט געוואָלט, סערל, האָט זי איינגעטייטשט. נאָך דער שטימונג: אַמאָל געלאַשטשעטע צערטלעכקייט און אַמאָל גלייכגילטיקע ווערטער, כּמעט אָן װעלעכן זין.

סערלס פרילינג?

איר פרילינג איז געווען אַ גרינער, אָבער דאָך האַרבסטיק פאַרגעלט.

כאָטש זי איז געווען נאָך אַזוי יונג — דאָך אַזוי געעלטערט,

פון צופיל ערנסטקייט, צופיל פאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי דעם לעבן, צופיל זאָרג.

יאָ, אָט אַ־דעם חסרון האָט זי געהאַט צו ערנסט געוועזן, און אויב פאַר עלטערע, זעדוואַקסענע, איז קינדערישע לייכטזיניקייט אַ חסרון, טאָ איז פאַר יונגע צופיל ערנסטקייט — אַ טאָפּלטער חסרון.

סערל האָט אויך געהאַט דעם חסרון, זי איז פון איר פריער יוגנט "אַלט" געוואָרן, אַ צו־פרי אַלט געוואָרענע, צו־פרי בלוי געוואָרענע פלאָם...

לייבים "טעאָריע" איז עס געווען:

אַ פלאָם ווערט בלוי און פאַלט אַראָפּ פונעם בוים, זומער ווען זי ווערט געצייטיקט, ווי געווייגטלעך, און טייל פלאָמען ווערן בלוי פאַר דער צייט און פאַלן אַראָפּ, נאָך איידער זיי האָבן גייט געהאַט זיך אָנצופולן מיט זאַפט.

"פאַדעניצעס" רופט מען זיי.

סערל האָט זיך געמוזט אַליין מודה זיין, יאָ, ער איז גע־רעכט, לייבי, זי איז פון די וואָס זענען געצייטיקט פאַר דער צייט, אָן זאַפט...

סערל האָט אין יענעם טאָג, אין איר געבורטס־טאָג, אָנגע־שריבן אָט אַ־די שורות:

"מיין געבורטס־טאָג — אַ גראָער מייל־שטיין אין מיין שטוי־ביקן וואַנדער־וועג, פון אַ גראָ־נעפלדיק לעבן.

"צייל איך מייל־שטיינער אַזעלכע שוין צוואַנציק מיט איינעם און בין אינערגעץ נישט דערגאַנגען און קיינעם נישט באַגעגנט, ווער ס'זאָל מיר אַקעגן טראָגן אַ חברעשע האַנט, אַ פריינדלעכן בליק.

"גיי איך אַזוי, און גיי און גיי און גיי, אַהינטער מיר — שטויביקע וועגן, חלומות נישט באַשיידטע, און כאָטש איך ווייס נישט נאָך וואָס און וואַהין, פיל איך דאָך, אַז וואָס ווייטער איך גיי — אַלץ ווייטער איז דער וועג, דער אומבאַקאַנטער, נאָך פאַר מיר.

„בין געבוירן אין אַ פרילינגדיקן פרימאָרגן, די שענצטע שעה פאַר געבורט, און דאָך שוין אין ערשטן טאָג — מיין מאַמעס מילעך, ווייסע, געווען איז קאַלטער שניי...

„מיין געבורטס־טאָג — אַ טרויעריקער יאָר־צייט נאָך אָפגעשטאָרבענע פרילינגען, פרילינגען נישט אויסגעלעבטע...

„מיין געבורטס־טאָג, היינט איז מיין געבורטס־טאָג, און כאָטש ס'איז פרילינגס־צייט — אין דרויסן אַ טריבער טאָג, טריב ווי אַלע מיינע, ווי מיין געמיט, ווי מיין לעבן...

„ס'האָט קיינער קיינמאָל מיר צום געבורטס־טאָג קיין בלומען נישט געבראַכט, כאָטש געוואָרט האָב איך אויף זיי, היינט? איך וואַרט נישט מער, — און דאָך חלום איך, אַז אַמאָל, אַמאָל, קומען וועט דער טאָג, ווען פרילינג וועט זיך צעגרינען און — נ־יין וועט ער זיין, יענער פרילינג, יום־טוב וועט זיין, דער יום־טוב פון די „גראָע מענטשן"...

„איך ווייס נישט ווען, אָבער אַנען אַן איך, אַז ער וועט קומען, ווי ווייט ער זאָל נישט זיין — קומען וועט ער".

# 7

די מוטער איז אַריינגעקומען.

— סערעלע, ברינג איך דיר אַביסל טיי?

— ניין.

— וואָס דען?

— גאָרנישט, מאַמע, ס'איז מיר הייס.

די מוטער איז צוריק אַרויס פון צימער.

סערל איז געלעגן אין בעט. די האָר צעפלאָסן, אַ בלאַסע אויפן האָזן בעטגעוואַנט מיטן קאָפּ אויף אַ זייט, האָט זי אויסגעזען ווי אַ הייליקע, ווי מאַריע מאַגדאַלענאַ געמאָלן אויף די קלויסטער בילדער.

דער האַלדז האָט זי ווי געטון. עפּעס האָט דער שלינגער זיך נישט געגליטשט. מ'האָט געזאָגט, אַז ס'איז גאָרנישט, זי האָט זיך בלויז פאַרקילט. די מאַנדלען זענען אָנגעשוואָלן. אָבער זי האָט געוווסט, ס'איז עפּעס אַנדערש. יאָ, זי האָט געהערט זאָגן: ס'איז באַזעדאָף. יאָ, בלאָ אונטער די אויגן, דער האַלדז געשוואָלן — זי האָט זיך אָנגעקוקט אין שפּיגעלע — שטימט דאָך עס!

אין דער שיסל וואַסער פאַרן בעט, וווהין זי האָט אַריינגעשפּיגן די שליימען, האָבן אַרומגעשווימען עטלעכע האָר אויסגעקעמטע, וואָס האָט אין גאַנצן געהאַט אַ גרויליקן אויסזען. אויפן בענקל איז געווען אַ גלאָז וואַסער, אַ פלעשעלע מעדיצין מיט אַ קאַווע־

לעפּעלע, אַביסל איינגעמאַכטס שטאָטס האָניק און אַ בוך, אַן אָפּנס. „סובמאַרין z/1” פון ל. כאַנוקאָווו.

זי האָט דאָס בוך נישט געלייענט מער. זי האָט נישט געקאָנט זיך צובינדן צון אים, צו לייענען אַזוי זייטל נאָך זייטל, ווי ס'דאַרף צו זיין, ווי זי איז געוווינט געווען צו טון. זי האָט נאָר געקליבן, איבערהיפּנדיק, די שורות וואָס הויבן זיך אָן מיט אַ פּאַסיקל, ווי איינער קלויבט פיר־בלעטלעך צווישן גראָז. זי האָט געלייענט נאָר די דיאַלאָגן. די געשפּרעכן זענען אינטערעסאַנטער, צוציענדיקער און גרינגער צו פאַרדייען.

„טאָם”, איינער פון די העלדן פון בוך, וואָס איז איר געוואָרן אַזוי סימפּאַטיש, וואָס איז פון אָנהויב אָן, ווען זי האָט נאַר אָנגעהויבן לייענען דאָס בוך, געוואָרן אַזוי נאָענט (אָט זיצט ער לעבן איר בעט אָנגעטון אין די מאַרינאַר־קליידער, גלעט זי איבערן הייסן שטערן!); איז איר מיט אַמאָל געוואָרן אַן אַנדערער. עפּעס איז איר אומפאַרשטענדלעך געוואָרן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין. ניין, נו טאַקע, וויאַזוי זענען מענטשן אומשטאַנד זיך אַזוי צו רייסן צום לעבן, אָנצווענדן דאָס אויסערסטע נאָר אַרויס צו קריכן פונעם אָפּגרונט, פון ים? איז עס באמת כדאַי, האָט דאָס לעבן אַזויפיל ווערט מ'זאָל אַזויפיל אָנווענדן? זי? יאָ, זי וואָלט אויך געקאָנט געראַטעוועט ווערן. מ'זאָל זי אָפּערירן קאָן זי ווערן אויסגעהיילט, געזונט. לעבן. אָבער ווו נעמט מען געלט אויף אַן אָפּעראַציע? זי אַרבעט נישט אַ יאָר שוין; דער פאָטער פאַרדינט נישט. איז פון וואַנען?

זי האָט דערפילט אַז דאָס פּנים פלאַמט איר. דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים. יאָ, זי האָט זיך דערמאָנט. לייבי האָט עס געוואַגט אָנצוביטן געלט איר פאָטער, אויף צו אָפּערירן זי. לייבי. ער האָט דען יאָ געלט? פון ווו וויל ער געלט נעמען?... ניין, זי איז נישט ברוגז געווען אויף אים. ווייל אויך דעמאָלט, חען ער איז נישט געווען לעבן איר, האָט זי געפילט, אַז זיינע בליקן, די חברעשע, גלעטן מיט אַזויפיל ליבע, מיט אַזויפיל טריישאַפט, מיט

איבערגעגעבנקייט. נאָך מער ווי פון אַ מאַמע, ניין אויף לייבין האָט זי נישט געהאַט וואָס ברוגז צו זיין, זי האָט געוואוסט, אַז לגבי איר האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט קיין נישט ערנסטע כוונות. ניין, ער איז געווען אַ גוטער צון איר, אַ ברודער, זיין חברשאַפט האָט זי באַלייט ווי אַ געטרייער שאָטן איבעראַל, אַלע מאָל, שוין צוויי־דריי יאָר אַזוי... אָבער וואָס האָט זי דערפון? וואָס קאָן ווערן פון אַזאַ לעבן, וואָס איז קיין לעבן נישט, וואָס קאָן מען זיך דערוואַרטן? וואוהין פירט עס? נו־יאָ, איצט איז זי נאָך יונג, נאָך איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן אין גאַנצן יענער פונק פון יוגנט, אָבער וויפל, מישטיינס געזאָגט, פאַרמאָגט זי נאָך פון דעם קליינעם "ווילנדל", וואָס שפייזט נאָך אין איר דאָס לעבן?

פאַרליבט? ניין, דאָס נישט. אַזעלכע ווי זי קאָנען נישט פאַרליבט זיין, אויך ווען זיי וואָלטן געוואָלט. זיי טאָרן נישט. אויך ווען עס פאַסירט מוז מען זיך צוימען, שאַפן די געפילן. ניין, זי איז נישט פאַרליבט אָן לייבין, ניין. האָט זי דאָך עס אָנגעשריבן בתיהן אין איר פראַגע־העפט. יאָ, גוט האָט זי אָנגעשריבן, ס'איז אמת. "זענט איר פאַרליבט?" האָט זי אָנגעשריבן דעם ענפער אַזוי: "כ'האָב ליב — אָבער נישט פאַרליבט". אויפן צווייטן זייטל: "וועמען?" האָט זי אָנגעשריבן דעם ענפער: "דעם, ווער ס'האָט מיך גלייך אַזוי ליב, ווי איך אים"...

די חברטעס האָבן עס געוואוסט, אַז די ווערטער באַהאַלטן היבטער זיך לייבין. ער אַליין, לייבי, האָט עס אויך געוואוסט, נאָר מ'האָט דערפון קיינמאָל נישט גערעדט. ער, לייבי, האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַנדערע ווערטער. סערל האָט נישטווילנדיק געשמייכלט ביי דעם געדאַנק. ער האָט אָנגעשריבן אויף דער פראַגע: "זענט איר פאַרליבט?" האָט ער אָנגעשריבן דעם ענפער: "יאָ". אויפן צווייטן זייטל: "וועמען" האָט ער אָנגעשריבן: "זיך זעלבסט". און צוגעגעבן לייוויקס "צוויי מאָל צוויי איז פיר, איך מאָל איך — ביסטו; איך מאָל דו זענען מיר"...

יאָ, אָבער פאַר וואָס טראַכט זי איצט פון לייבין?... עק־

זיסטירט דען ערגעץ אַ לייבי ? פאַר איר איז דאָך לייבי נאָר אַ שאָטן פון עמעצן, "עמעצער" ברענגט איר אַ בוך צום לייענען, "עמעצער" שפאַצירט מיט איר אַרום, דיסקוטירט מיט איר פאַרשיי־דענע ענינים, דערציילט איר וועגן זאַכן וואָס זי ווייסט נאָך נישט, זי דערציילט פאַר עמעצן, רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ. יענער עמעצער איז איר נאָענט און גיט איר פיל מאָל מוט צום לעבן ווייטער, צינדט אָן עפעס אין איר, שפיגלט אָפּ אַ שיינענדיקע שטראַל אין אירע מאַטע גראָע טעג ; גיט איר אַריין האָפנונג, וואָס שטייגט איבער איר פעסימיזם, איר יאושדיקייט און באַקומט כאָטש אַביסל חשק צום לעבן, ווער איז דער עמעצער ? איז עס דער גוי־טער לייבי דער עמעצער ? איז עס דער קלוגער מאַרינאַר טאָם פונעם "סובמאַרין" ? ...

... לייבי ! ... טאָם ! ... טאָם ! ! ...

און אָט האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיי זענען אַלע דריי אין "סובמאַרין z/1". זי, טאָם און לייבי. טאָם שטייט ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט און קוועטשט מיטן מיטלסטן פינגער אויפן קנעפעלע : טי־טי־טי־טאַ, טי־טי־טאַ. און פון די טיפענישן פון ים בלעזלען זיך קיילעכדיקע בלעזלעך אין וואַסער : ס.אָ.ס., ס.אָ.ס. ... זי האָט זיי געזען די רינגעלעך. זיי צעגייען זיך איבער ימען, איבער לענדער, איבער וועלטן... ער איז אַ גוטער טאָם. ער וויל זיי העלפן, ער וויל זייער ראַטעווען, זי און לייבין ; וויל זיי אַרויס פירן צום לעבן.

...ביידע זענען זיי אין סובמאַרין. זי איז קראַנק. אָבער ניין, ווער האָט געזאָגט, אַז זי איז קראַנק ? אָט באַלד טוט זי זיך אָן, גייט אַרויס. אין דרויסן איז פריש, שניי ווייסער איבעראַל, פראָסט בלישקעט ווי יונגער צווויט אויף קאַרשן־ביימער. זי גייט אַרויס, וועט אָפּוואַרטן לייבין מיט קנוילן שניי, וועט אים באַוואַרפן, וועט זיך שפילן, ווי זי פלעג זיך שפילן ווינטער אין שניי אַמאָל, אַמאָל ווען זי איז געווען אַ קינד, געגאַן אין שול, לייבי ? דאַכט זיך, אַז ער איז היינט דאָ געווען און דערציילט אַז מ׳האָט די דייטשן צוריק געשלאָגן פון אונטער מאָסקווע ? ... אָדער ניין,

דאָס איז געזען טאָם׳ לייבין האָט מען דאָך מאָביליזירט אין אַר־בעטס־באַטאַליאָן ?...

...טי־טי־טי – טאַ... ס׳האָט איר געפייפט אין די אויערן. ווו האָט זי נאָר געזען אַזאַ אַפּאַראַט ? אין קינאָ ? ניין, אָט איז ער אויפן טיש דאָ... טי־טי־טי—טאַ, ס.אָ.ס., העלפט, ראַטעוועט דאָס דריטע בית־המקדש ווערט חרוב פאַר יידן — די דייטשן ווילן איינ־נעמען מאָסקווע... ס.אָ.ס., ס.אָ.ס...

פאַר די אויגן האָט זי געזען רינגעלעך, רינגעלעך.

...ס.אָ.ס., העלפט, ראַטעוועט לייבי איז אויפן פראָנט... טאָם איז אין סובמאַרין... אָדער ניין, זי גייט אַליין, זי גייט זיי העלפן, וואָס זיצט זי דאָ אין בעט ? ווער האָט געזאָגט אַז זי איז קראַנק ?...

די מוטער האָט איר צוגעלייגט אַ קאַלטן טוך צום שטערן און זי איינגעדעקט.

— סערעלע, דעק דיך צו, ס׳איז קיל דאָ אין שטוב, טאָכ־טער שיינע.

דער פאָטער איז אַריינגעקומען, נישט געזאָגט גאָרנישט, נישט געפרעגט גאָרנישט, געוואָרפן אַ בליק אויפן טערמאָמעטער און צוריק אַרויס.

דער טערמאָמעטער האָט געוויזן איינאונפערציק מיט זיבן.

# 8

אסרו־חג.

אין שטוב איז געווען אָנגעוואָרפן. דאָס פּסחדיקע געשיר איז געלעגן פאַרלאָזן; קיינער האָט זיך אויפן נישט אומגעקוקט. אַן אַנדערט מאָל האָט מען אסרו־חג, אַ טאָג נאָך פּסח, אָפּגעוואַשן דאָס געשיר, איינגעבינדן דאָס ביסל פּסחדיקע זאַלץ, פּעפער צי קאַווע וואָס ס׳איז פאַרבליבן און עס אַוועקגעלייגט אויפן בוידעם, אויף איבעראַיאָר פּסח, ווער ס׳וועט דערלעבן, מיט געזונט — זאָל עס זיין. אָבער היינט? ווער ווייסט וועמעס מאָרגן ס׳איז? וועמען קומט כאָטש אויפן געדאַנק, איין מינוט כאָטש, צו טראַכטן צו דער־לעבן דעם אַנדערן פּסח?

סערל האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון און אויב זי האָט נישט געוווּסט אויף זיכער, האָט זי דאָך געאַנט אינסטינקטיוו, דער אונ־טערבאַוווּסטזיין האָט איר ווי איינגערוימט אין אויער, אַז זיי גע־זעגענען זיך אויף תמיד מיט דער היים, מיטן דאָרף, מיט מאַראַ־מאָרעש — מיטן לעבן.

די גאַסן זענען פול געווען מיט יללות, מיט געוויינען — און מיט "ניעסן".

"נייעסן" האָבן זיך געטראָגן ווי פון זיך, געטראָגן זיך פון מויל צו אויער, גלייך אַ בין פון בלום צו בלום. שכינות האָבן זיך איבערדערציילט, אַז דאָרט און דאָרט האָבן די זשאַנדאַרן געזוכט

דאָס גאַנ׳דוואַרג און צוגענומען; דאָרט און דאָרט האָט זיך דער זשאַנדאַרן שעף פאַרשלאָסן מיטן מיידל אין אַ באַזונדער צימער; אָט האָט ווער געהערט אַ געשיסעריי — ס׳איז אַוודאי דער פראָנט׳ די "רויטע" קומען; דער עושר פונעם דאָרף האָט זיך "אויסגע־קויפט" אים פירט מען נישט אין געטאָ; פרויען ווערעס מענער ס׳זענען אויפן פראָנט׳ אין די אַרבעטס־קאָמפּאַניען׳ פירט מען נישט אַוועק׳ • •

סערל האָט געוווסט׳ אַז דאָס אַלעס זענען ליגן׳ אויסגע־טראַכטע אין פאַרצווייפלונג׳ טייל אַלאַרמיסטן׳ פסיכיש־קראַנקע׳ טראָגן זיך אַרום מיט זייערע קראַנק־שוואַרצזעענישן און פאַרגרע־סערן דעם פּאַניק׳ און טייל ווידער וואַרטן מיט זייער רעליגיעזן בטחון אַזוי ווי אויף אַ "נס"׳ דער רבונו־של־עולם וועט אין דער לעצטער רגע צושיקן די "רויטע" — די גאולה וועט קומען׳

זי האָט נישט געקאָנט וואַרטן אויף אַ נס׳ זי האָט געזען די רעאַליטעט׳ אַז פון צייט צו צייט ברענגט מען אַ פרישן קרבן׳ אַ פרישע משפחה אַרויסגעשטעלט פון איר היים און אַפּגעפירט אין בית־המדרש׳

פאַראַן מענטשן׳ וואָס זענען רואיקע׳ רעגן זיך כמעט קיינ־מאָל נישט אויף׳ מעג פּאַסירן אַרום זיי אַ וואָסער געשעעניש ס׳זאָל נישט זיין׳ וועלן זיי זיך נישט לאָזן שטערן פון זייער נאָרמאַלן לעבן׳ זיי וועלן זיך טאָן זייערס׳ אַזעלכע׳ געוויינטלעך׳ באַוועגן זיך לאַנגזאַם׳ איילן זיך נישט קיינמאָל און — לעבן לאַנג׳ ווי־דער אַז ס׳פּאַסירט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס מיט זיי גופא׳ ס׳קומט אַ גרויס אומגליק׳ פאַרלירן זיי זיך׳ פאַרגעסן פון אַלעמען און בייטן זיך צו דער מינוט׳ — נישט צו דערקאָנען׳ זיי פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך׳ ווייסן נישט וואָס צו טון׳ רעדן גיך׳ היקענדיק און אומפאַרשטענדלעך׳ דאָס קאָן געדויערן אַ צייט לאַנג ביז זיי קומען צו זיך און באַרואיקן זיך׳ גייען אַריין אין נאָרמאַלן לעבן׳

און כאָטש אַזוי — דאָס רוב פון זיי זענען אָנגענומען אין דער געזעלשאַפט פאַר מיושבדיקע קלוגע מענטשן.

ווידער איז פאַראַן מענטשן וואָס זענען תמיד אומרואיק, תמיד אויפגערעגט, האָבן קיינמאָל, דאַכט זיך, קיין רואיקע מינוט. רעאַגירן זייער גיך אויפן מינדסטן וואָס געשעעט אין זייער אַרום. אַזעלכע, געוויינטלעך, זענען זייער רירעוודיקע, תמיד איילן זיי זיך. קיינמאָל זעט מען נישט קיין שמייכל אויף זייער געזיכט און — לעבן, דאָס רוב, זייער ווייניק. ווידער אַז ס'פּאַסירט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס מיט זיי גופא, ס'קומט אַ גרויס אומגליק, פאַרלירן זיי זיך, בלייבן געפּלעפט; פאַרגעסן פון אַלעמען און בייטן זיך צו דער מינוט — אויף נישט צו דערקאָנען. זיי ווערן ערנסטער, גיבן זיך אָפּ חשבון פון דעם מצב און זוכנדיק געפינען זיי אַן אויסוועג. דאָס קאָן געדויערן אַ שטיקל צייט ביז זיי קומען "צו זיך" און גייען אַריין פונסניי אין זייער תמידיק אויפגערעגטקייט. אין זייער "נאָרמאַלן" לעבן.

די מענטשן זענען נישט אָנגענומען פון דער געזעלשאַפט פאַר קלוגע...

סערל איז געווען איינע וואָס באַלאַנגט נישט, נישט צו די ערשטע און נישט צו די לעצטע. זי האָט אויך היינט, ווען דאָס גאַנצע דאָרף איז געגאַן כאַדאָראַם, אויפגעהאַלטן איר שטענדיק רואיקייט. געוווּסט וואָס זי טוט און וואָס זי דאַרף טון.

אמת איז, אַז די זשאַנדאַרן, די אַזוי מוראדיק אוניפאָרמירטע זשאַנדאַרן מיט די הענערנע פעדערן אין די שוואַרצע היטן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס דאָרף, אַז ס'זאָל זיך חלילה נישט אַרויסגנבענען אַ ייד — האָבן אויך אויף איר אָנגעוואָרפן אַ פּחד. אָבער דאָך האָט זי זיך נישט פאַרלוירן ווי פיל אַנדערע.

זי האָט געוווּסט, אַז ס'איז געקומען דאָס וואָס ס'האָט געמוזט קומען. זי האָט זיך געראָכטן אַז סוף־כל־סוף וועט מען אויך זיי, די מאַראַמאָרעשער יידן, אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד, ווי מ'האָט

געטון מיט די אונטערקאַרפּאַטישע יידן נאָך מיט דריי יאָר קריק, אין איינאונפערציקער יאָר.

פאַר אַסאַך יידן איז עס געווען אַ טרייסט, וואָס מ׳גייט נאָר אין געטאָ. מ׳וועט כאָטש בלייבן דאָ, אין לאַנד, און... דער ראַ־דיאָ — לאָנדאָן און מאָסקווע — זאָגן דאָך אָן בשורות, אַז די „רויטע״ זענען אָט־אָט וואָס מ׳זעט זיי. סערל האָט אויך געוואָלט זיך טרייסטן מיט אָט אָ־דעם. דווקא די האָפנונגסלאָזיקייט האָט זי גלויבנדיק געמאַכט, נישט ווייל זי האָט פאַרשטאַנען צי ווייל זי האָט געוואָלט, נאָר זי האָט געמוזט. זי האָט געזען ווי די רינג אַרום איר ווערט וואָס אַמאָל שמעלער. קודם איז איר דאָרף געווען איינס צווישן פיל דערפער — ביז ס׳איז געקומען די ריי און איצט איז זייער הויז געוואָרן איינס צווישן די איבעריקע הייזער, וואָס האָבן זיך געליידיקט מיט דער ריי. באַלד קומט די ריי אויף זיי, אויף זייער הויז.

געווען איז אַזוי:

אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פונעם דאָרפס־לערער, דער שרייבער פונעם דאָרפס־הויז, עטלעכע רייכע פויערים, דריי יידן און פיר זשאַנדאַרן, האָט אָנגעהויבן פון איין עק דאָרף און אַ צווייטע קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן אין צווייטן עק דאָרף. די קאָמי־סיע האָט אַרויסגעשטעלט די יידישע משפחה פונעם הויז. די טירן האָט מען צוגעשלאָסן. דאָס הייסט, מ׳האָט אַרויפגעלייגט אַ צעטל, אַז ס׳איז „צוגעשלאָסן״ און אַז די שטוב־זאַכן זענען אינעווייניק. דאָס צעטל האָבן געמוזט אונטער חתמענען די דריי יידן, אַז זיי האָבן עס „איבערגעגעבן״.

דער גלח איז אויך געווען אין דער קאָמיסיע. אין דער פרי האָט ער זיך אויך באַוויזן צוגלייך מיט די איבעריקע, נאָר אַז ער האָט געזען דאָס אַכזריות, אָנגעהערט זיך מיט די יללות — האָט ער זיך גלייך אָפּגעטראָגן און זיך מער נישט געוויזן. פון דעסט־וועגן האָט ער געשיקט דעם משרת זיינעם ער זאָל אַריין קריכן דורכן פענצטער אין אַ יידישער שטוב, פון ווו מ׳האָט שוין די יידן

אויסגעלייַדיקט׳ ער זאָל אַרויסגנבענען׳ נאָך איידער אַנדערע וועלן עס טון׳ די זילבערנע לייכטער׳ די ניי־מאַשין׳ דעם וואַנט־זייגער און דאָס גלייכן...

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. אויך דער ״קאָמיסיע״ האָט עס אָנגעהויבן נימאָס צו ווערן. אַרויס שטעלן אַ משפחה פונעם הויז האָט אָנגעדויערט. געראַנגל׳ געוואַלדעס׳ טרערן און אַסאַך מאָל אויך קללות.

אמת׳ ס׳איז געווען פאַלן׳ ווו ס׳איז אָנגעקומען זייער גרינג. ס׳האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן פאַרלאָזט כמעט גלייכגיל־טיק זייער היים. צוגעשלאָסן די טיר׳ געקושט די מזוזה און קיין וואָרט נישט גערעדט. אָבער דאָס זענען געווען זעלטענע פאַלן. מייַנסטנס איז עס געווען אַ קאַמף׳ ווו מ׳האָט געמוזט זיך באַנוצן אויך מיט דער שטול פון דער ביקס׳ דערלאַנגען אין די ריפּן. אַנדערש האָבן זיי זיך נישט געוואָלט רירן׳ זיי האָבן זיך געקלאַ־מערט אָן זייער שטוב. די מענטשן האָבן געפילט אַז זיי וועלן שוין די היים קיינמאָל נישט זען׳ אַז זיי וועלן זייער האָב׳ דאָס אָרעמע ביסל אָנגעהאָרעוועטס׳ שוין קיינמאָל נישט צוריק האָבן.

סערלען האָט עס געלאַנגווייליקט. זי האָט שוין חי געוואַרט מ׳זאָל שוין אָנקומען צו זיי׳ צו זייער הויז. זי זאָל שוין אויך ענדלעך פטור ווערן. זי האָט זיך געפילט ווי שולדיק אין דעם וואָס זייער הויז איז אין מיטן דאָרף און דערפאַר איז זי צווישן די לעצטע. הגם דאָרטן אין בית־המדרש׳ וואַהין מ׳האָט צונויפגעזאַמלט די יידן פונעם דאָרף ביז מ׳וועט אַוועק פירן קיין סעלאָטווינע אין געטאָ אַריין׳ איז נישט געווען זייער באַקוועם. זי האָט אָבער גע־וואָלט זיין אינאיינעם׳ אינאיינעם מיט די איבעריקע׳ אינאיינעם מיט אַלע יידן.

איר האָט זיך אויסגעדאַכט׳ אַז אויך זיי וועלן פאַרלאָזן דאָס הויז שטיל׳ אָן אַ וואָרט. דער פאָטער אירער׳ האָט זי געוווּסט׳ ער וועט שווייגן און עסן אין זיך. אים וועט זיין אַ בושה צו קוקן דער ״קאָמיסיע״ אין פנים. ״נעכטן״ איז ער געווען עפּעס מער ווי

די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, האָט עס געמעגט זיין אויך דער שרייבער פונעם דאָרפס־הויז. די מוטער ? איר האָט זי אויסגערעדט און זי געבעטן זיך איינצוהאַלטן ווייל העלפן העלפט עס סיי ווי נישט.

אַזוי האָט זיך איר אויסגעוויזן, און קאָן זיין אַז ס׳וואָלט טאַקע אַזוי געווען. האָט אָבער די מוטער געהאַלטן אין איין קוקן דורכן פענצטער און אַז זי האָט דערזען ווי די זשאַנדאַרן האָבן אַדורכגעפירט ריוואָשן, די עלטערע טאָכטער, מיטן קינד אויף דער אָרעם, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ יעמערלעכן קוויטש און אַריבער צון אַ שטיל היסטעריש געוויין, אַז אי סערל אי די יונגערע שוועסטער, ראַצע, האָבן זיך אויך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געוויינט אויפן הויכן קול.

סערל האָט נישט געוויינט דערפאַר, ווייל זי האָט געזען פירן איר שוועסטער, צי ווייל זי האָט געזען דאָס קינד פון אַ קנאַפּ יאָר ביי איר אויף די הענט. ניין, נישט דאָס. זי איז שוין געווען מאָראַליש צוגעגרייט, אַז די עלטערן אירע, די טאַטע־מאַמע, וועלן עס נישט איבערטראָגן. זיי וועלן עס נישט אויסהאַלטן, אויך ווען די ישועה זאָל קומען ווי גיך. ניין, נישט וועגן דעם האָט זי געוויינט. נישט פאַר דעם וואָס זי האָט געזען די פילע דערנידערונגען, וואָס זיי לעבן איבער און דאַרפן ערשט איבער לעבן האָט זי געוויינט.

פאַר וואָס דען ? !

אויף קלאָר האָט זי אויך נישט געוווסט פאַר וואָס. נאָר זי האָט געפילט אַ ווייטיק. ס׳האָט געקלעמט ביים האַרץ אַ "פאַרוואָס". פאַר וואָס קומט זיך זיי דאָס אַלעס ? ווער זענען די וואָס דערנידעריקן אַזויפיל, די שוואַכע איינגעבראָכענע יידן ? ! ... וואָס איז דער זין פון די אַזוי פיל ליידן. איז שוין באמת נישטאָ נישט קיין "גאָט" און אויך נישט קיין "מענטש" ? ! ...

...די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין שוואַרצן געדילט, ווי

אין טרויערי אין בית־המדרש האָט געצאַנקט אַ ליכטל׳ ביי וועלכן עטלעכע יידן האָבן געשעפטשעט שטיל תהילים.

די יידן׳ מענער און פרויען זענען געלעגן אויפן דיל׳ יעדער אויף זיין פעקל. וועלכע זיי האָבן געשלאָפן און פון מאָל צו מאָל זיך אויפגעכאַפט מיט אַ קרעכץ׳ אַ וויטיקן׳ און וועלכע זיי האָבן אַזוי געדרימלט טראַכטנדיק. אָט האָט אויפן וויבער־שול אַ קינד זיך צעוויינט און אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע. איינע׳ אַ פרוי האָט געענטפערט מיט אַ קללה אָן אַן אַדרעס׳ און מ׳ווייסט נישט וועמען זי מיינט׳ צי די רשעים וואָס האָבן זי אַהער געבערענגט׳ צי חלילה דאָס קינד וואָס וויינט.

ערגעץ הערט זיך אַ שעפטשען פון אַ פאָר־פאָלק׳ זיי רעדן זיך מסתמא אויס די צרות. אין דער פאַרצווייפלונג טרייסטן זיי זיך מיט צערטלעכע ווערטער...

איינע׳ אַ פרוי טאַפט זיך אָפט איבער׳ אויב זי האָט נאָך דאָס צירונג׳ דאָס גאָלדוואַרג׳ וואָס זי האָט זיך איינגענייט אין די מלבושים.

דאָס רוב האָט נישט געשלאָפן. ס׳האָט קיין שלאָף זיך נישט גענומען צו קיינעם. מ׳איז געזעסן און געוואַרט אויפן טאָג׳ וועל־כער האָט געזאָלט אָפגעזעגענען פון איין וועלט און אָנהויבן אַ צווייטע׳ אַן אַלט־נייע׳ אַ געטאָ־וועלט פון מיטל־אַלטער׳ וועגן וועל־כער זיי האָבן אפשר אַמאָל געלייענט אין די באַשרייבונגען.

סערל?

זי האָט אויך נישט געשלאָפן. זי האָט געטראַכט דרימלענ־דיק וועגן לייבין. זי האָט איבערגעחזרט עטלעכע שורות פון זיין לעצטן בריוו׳ וואָס ער האָט איר געשריבן פון דער אַרבעטס־קאָמ־פּאַניע׳ ערגעץ פון דער אוקראַינע.

„...ווייס׳ אַז אויך איך׳ פונקט ווי דו׳ דריי אַזוי ביינאַכט זיך אויפן געלעגער אָן רו. איך טראַכט פון מיין מאַמע און נאָך מער פון דיר. „לעבט איר׳ ווער ווייסט?" באַמבלט זיך מיר..

איך טראַכט און טראַכט — ביז די אויגן שליסן זיך צו. נעם

דאַן אַרום, אין חלום, דאָס קאָפּ־קישעלע — דאָס ביסטו, מיינע, דו!"...

און צוזאַמען מיט די יידן וואָס זאָגן תהילים, האָט זי אי־בערגעחזרט, מיט דער מעלאַנכאָלישער תהילים־מעלאָדיע, גלייך זי וואָלט געוואָלט, אַז אויך איר "תהילים" זאָל געהערט ווערן, זאָל ער, וויסן לייבי:

"...זוי דו, אַזוי אויך איך —
ביינאַכט אויפן געלעגער דריי איך זיך,
לייען דיינע בריוו, קוש דיין בילד — זוך אַ טרייסט,
חלומסטו דאָס כאָטש — ווער ווייסט?!..."

# 9

געוועזן איז דער געטאָ אין סעלאָטווינע, אַהין האָט מען צונויפגעטריבן יידן פון עטלעכע דערפער.

סעלאָטווינע — אַ שטעטל, אַ קליינס, צוגעכוליעט צו סיגעט ווי צון אַ מאַמע. און ס׳קאָן זיין, אַז מיט דער צייט וואָלט זיך עס צונויפגעגאָסן און געוואָרן איין שטעטל. איז אָבער די מעשה דאָס, וואָס אַ חוץ "גאַטס" גבול, די טייס, וואָס טיילט פונאַנדער צווישן אָט דעם מוטער־שטעטל סיגעט און טאָכטער־שטעטל סעלאָטווינע — איז געווען נאָך אַ מחיצה, די רומעניש־טשעכישע, אַ צוואָנציק יעריקע און דערנאָך די רומעניש־אונגארישע, אַ גרעניץ וואָס האָט אָפגעטיילט ברודער פון ברודער.

אמת, ס׳האָט זיך געמאַכט אַז יידן האָבן אַריבער געשפאַנט איך גרעניצן ווען מ׳האָט באַדאַרפט, בפרט מאַראַמאָרעשער יידן, און דאָס נישט נאָר ווען ס׳איז די רייד פון שמוגל נאָר אַפילו פון "יידישקייט". איז געקומען דער ווישניצער רבי קיין סעלאָטווינע אויף אַ שבת, האָט מען אויסגעפועלט ביי די שטאָטס־שררים און מאַראַמאָרעשער יידן פון רומענישער זייט זענען אַריבער געגאַן; צי יידן פון דער טשעכישער זייט זענען אַריבער געקומען קיין סיגעט צום רבי אין אַ שבת מברכין, מ׳האָט אַריבער געטרעטן די גרעניץ, אָבער די גרעניץ איז דאָך געבליבן אַ וואַנט, אַ מחיצה צווישן אַ "דער זייט" און אַ "יענער זייט".

אין פיראונפערציקער יאָר איז די גרעניץ לגמרי פאַרשוווּנדן. סעלאָטווינע האָט צונויפגעגאָסן אין איר געטאָ. יידן פון דער זייט טייס און פון יענער זייט טייס.

אין פיראונפערציקער יאָר האָט דאָס שטעטל גופא זיך גע־טיילט אין צווייען, ווי דורך אַן אומזעבאַרער מחיצה: אין איין זייט, אין דער הויפט־גאַס, האָט זיך געטראָגן ווי אַן עיפּושדיקער ריח, די פערדישע חוצפה פון די מישטיינס געזאָגטע אויפגעקומענע פּריצים פונעם נייעם אויפגעלעבטן „גרויסן" אונגאַרן — און אין איין זייט, אין געסל אונטערן בערגל, האָט געשוועבט ווי אַ גראָע טיול, שאָטנס פון חלומות, צובראָכענע געמיטער אין ענגשאַפט פו־נעם יידישן געטאָ.

די טייס, וועמענס עובדא ס'איז געווען איר לעבן לאַנג אויסצושטעלן, ווי אין אַ וויטרינע, אַ כּיף צעבלויעטן הימל אויפ־געהאַנגען אויף באַרג־שפּיצן; צו צוברעכן אים אין אירע כוואַליעס אין קרישקעלעך פאַרצעלאָן, אָדער אין בעסטן פאַל, פלאַטערן אים צייט־איין צייט־אויס ווי אַ לייוונט, שענקענדיק דעם מענטשלעכן אויג הויפנס הימלישן בליאַסק; צו רוישן אַזוי שוימענדיק — הגם איינטאָניק אָבער דאָך האָט זיך געדאַכט אַז ס'איז — אַ שטילער ניגון, אַ סימפאָניע פון קוים הערעוודיקע קלאַנגען, געשפּילטע אויף נישט אויסגעצויגענע סטרונעס...

אָט די טייס האָט דעמאָלט אַן אַנדערע „עובדא" געהאַט. זי האָט געשטראָמט די טייס נערוועזע אייַלנדיק, גלייך זי וואָלט זיך געיאָגט איבער צו טראָגן אַ גרוס, אַ „שלום־עליכם" פון איין געטאָ אין צווייטן צי צו די יידישע אַרבעטס־באַטאַליאָנען, וואָס זענען געווען אויסגעשורהעט ביי אירע ברעגן אין פאַרשידענע שטעטלעך. דעמאָלט האָט זי אָפּגעשפּיגלט הימלען פאַרוואָלקנטע, פאַרפינצטער־טע — פלאַטערנדיקע טרויער־פענער. דעמאָלט זענען אירע כוואַ־ליעס געווען אַ פאַרקנייטשטער שטערן פון אַ מאַמע, פאַרזאָרגט וועגן גורל פון אירע קינדער. ס'האָבן שוימענדיק געשעפּטשעט אירע כוואַליע־ליפּן אַ „קדיש" נאָך די יידן פון „יענער" זייט,

וואָס זענען פאַרטריבן און אומגעברענגט געוואָרן, דאָס רוב, נאָך אין זומער איינאונפערציקער יאָר — אי אַ ווידוי מיט די יידן פון "דער" זייט טייס, וואָס האָבן געוואַרט זייער גזר־דין דאָ אין די געטאָס. . .

די טייס, זי האָט אָנגעשטעקט מיט איר "איכה"־דיקער מעלאָדיע און שטימונג, וואָס זי האָט אָנגעזויגן ביים געטאָ, אויך די נישט־יידישע איינוווינער פון שטעטל. אויך זיי, אַפילו די וואָס האָבן זיך אפשר צו דער מינוט געפרייד איבערן צער פון די יידן, אפשר האָבן זיי געהאַט דערביי אַ מיין, עפעס אַראָפּצוכאַפּן אַ יידיש פאַרמעגן וכדומה, האָבן נישט אָנגעזען פאַר גוט. עפעס האָט אויך אויף זיי אָנגעוואָרפן אַ מורא דער געטאָ, די יידישע צרות, גלייך ס'וואָלט זיי אומבאַקוועם געמאַכט צו אַפילו באַדראָט זייער אייגענע זיכערקייט. אַזוי אַז דער געטאָ איז געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ געלע לאַטע אויפן גאַנצן שטעטל, אויף אַלע איינוווינער. איינציקע נאָר, די "אַפּיציעלע", די אונגערישע זשאַנדאַרן, די "לעווענטע" (האַרטי־יוגנט), זייערע אויסהעלפער, האָבן אַנדערש געקוקט אויפן געטאָ. זיי האָבן געזוכט אין די ליידן פון געטאָ פּראָפיט און גענוס, געלט און פרויען.

די יידן פון געטאָ האָבן עס געוווּסט און געפילט. דערפאַר האָבן זיי געווייכט די ליכטיקע זון און ווער שמועסט נאָך, אַז ס'האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן די נאַכט, האָט מען זיך פאַרריגלט אין דער ענגשאַפט, געזוכט שוץ ביים אייגענעם שאָטן.

און דאָך — האָט זיך איינגעפירט, ס'האָט זיך שוין געמאַכט ווי אַ מנהג, אַז יעדן אָוונט ווען די יינגלעך זענען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָבן זיי זיך אַרויסגעריסן פון דער מצריימדיקער, ליים־קנעטנדיקער שטימונג און געקומען פאַרברענגען אַ שעה אין אַ יידישער שטוב, אַ געטאָ־שטוב, ווו ס'האָבן געוווינט עטלעכע יידישע משפחות. געקומען פאַרברענגען מיט אַ מיידל, אַ ווייטע קרובה, צו אַ חברשאַפט פון אַן אָקערשט געשלאָסענער באַקאַנטשאַפט. אָט אַ־דאָ, אין דער געטאָ־ענגשאַפט, האָבן זיך יונגע

הערצער בעסער איינפאַרשטאַנען. דאָ האָט מען נישט געזוכט נישט קיין יחוס פון משפחה, נישט קיין עשירות. ווייל סיי די יינגלעך האָבן אַלע געטראָגן גלייכע געלע בענדער אויפן אָרעם מיטן זעלבן נומער, סיי די מיידלעך האָבן אַלע גלייך געטראָגן דעם געלן מגן־דוד און געווינט אַלע כמעט אין גלייכער שטיקנדיקער ענגשאַפט. אָט אַ־דאָ האָט אַ יינגל געפונען מער איבערגעגעבנקייט, מער טרייסט און מער ליבע אינעם שמייכל פונעם מיידל און דאָס מיידל האָט געטראָפן מער ברודערישקייט, דערמוטיקונג און ליבשאַפט אינעם בליק פונעם יינגל.

אין איינעם אַן אָוונט, אַ תענוגדיקן וואַרעמען, אַ ספּירהדיקן אָנהויב־זומער אָוונט. אין דער הויפּט־גאַס האָבן זיך אַרויס געלאָזט אויפן אָוונטיקן שפּאַציר די יוגנט, די נישט־יידישע, — אין געטאָ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ווי אַ שווערע גלאַסט אַן אומהיימלעכע טונקל־קייט, וואָס האָט ענגער געמאַכט די ענגשאַפט, האָט לענגער גע־מאַכט, לאַנגווייליקער געמאַכט די צייט ווי ביי איינעם אַן איילנדיקן ווען ער וואַרט אַ נאַכט אַ גאַנצע אַ פאַרשפּעטיקטן צוג.

די מיידלעך זענען נאָר וואָס אָנגעקומען פונעם זאַלץ־גרובן, געבראַכט איימערס זאַלצוואַסער, ס'זאָל זיין מיט וואָס צו קאָכן, שטאָטס זאַלץ. זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעצוואָגן און וואַרטן די בחו־רים פון דער אַרבעטס־קאָמפּאַניע.

צו סערלען איז ווי געוויינטלעך אויך היינט געקומען איר באַקאַנטער, פּעקעטע באַנדי, אַ יינגל פון בודאַפּעסט.

— קיס־די־האַנט, פריילין, גוטן־אָוונט.

— אַ גוטן אָוונט! וואָס איז עפּעס היינט, הער פּעקעטע, איר האָט פאַרשפּעטיקט? — סערל האָט אים דערלאַנגט די האַנט און אים אָנגעוויזן אַ בענקל צו זיצן.

— מיר האָבן אויסגעלאָדן וואַגאָנען מיט מעל, האָבן מיר פאַרשפּעטיקט — פּעקעטע האָט זיך מיד אָוועקגעזעצט, גלייך ער וואָלט אַליין געווען אַ זאַק מעל און שטיל, ווי בסוד פאַרגעזעצט — יאָ, ווייזט אויס, אַז די "רויטע" רירן זיך שוין ווידער...

— ווי? איר האָט עפּעס געהערט? — איז ר׳ יאָסל אַריינ־געפֿאַלן אין שמועס — געהערט עפּעס חדשות פֿונעם פראָנט?...

— פֿונעם פראָנט האָב איך נישט געהערט גאָרנישט, סמנים אָבער זענען פֿאַראַן, ראשית, האָט מען די אויסגעלאָדענע וואַגאָנען אָנגעלאָדן מיט קאַסטנס, גרייט צו עוואַקוירן די מיליטערישע מאַ־גאַזינען און — שנית, האָט מען פֿאַרגעלייענט היינט ביים ראַפּאָרט אַ באַפֿעל, וואָס האָט געוואָרנט זיך נישט צו דערווייטערן פֿונעם לאַגער; מ׳זאָל זיין גרייט צום גיין...

— וווהין?

— דאָס ווייסט מען נאָך נישט. מ׳קאָן זיך אָבער משער זיין אַז צו מעריב...

זיי האָבן געוואָלט אַרויס גיין אין הויף, הנאה האָבן פֿון דער פֿרייער פֿרישער לופֿט, פֿון אַן אויסגעשטערנטן הימל און — האָבן די געלעגנהייט צו שמועסן פֿריי פֿון קיינעם נישט געשטערט. האָט אָבער זיי דער פֿאָטער, ר׳ יאָסל, אויפֿגעהאַלטן מיט זיין שמועס. אָנגעהויבן האָט ער ביי דעם, אַז מאָרגן איז פּסח־שני, און דערנאָך האָט זיך דער שמועס פֿאַרצויגן אין די "גדולות" אַריין, דער־קלערנדיק פֿאַר פּעקעטען, אַז לויט זיין מיינונג וואָלטן געדאַרפֿט פֿאַרהייליקט ווערן אויף אייביק אַי די געלע באַנד פֿון די אַרבעטס־קאָמפּאַניען, אַי דער געלער מגן־דוד פֿון די יידן אין געטאָ. אויך נאָך דעם ווי מ׳וועט אויסגעלייזט ווערן און מ׳וועט שוין נישט טראָגן קיין געלע בענדער, וואָלט מען געדאַרפֿט מאַכן פֿונעם אַ שבתדיקן מלבוש, אַ נאַציאָנאַלן טראַכט, ווי למשל דער קאַפּטן און שטריימל. די געלע בענדער וועלן דעמאָלט זיין אַ "דעקאָראַציע" אַ צייכן פֿון פֿרייד, אַז מ׳האָט איבערגעלעבט.

סערלען האָט געאַרט דער שמועס. זי האָט געוווּסט, אַז ער, פּעקעטע, איז נישט געקומען אַהער הערן נישט וועגן פּסח־שני און נישט דעם פֿאָטערס תורה־ווערטלעך וועלכע זענען אים פֿרעמד. זי האָט אָבער נישט איבערגעריסן, ווייל זי האָט אַרויסגעפֿילט פֿון דעם שמועס, אַז ער איז געזונט און נוצלעך פֿאַר ביידע. אי פֿאַרן

פאָטער׳ פאַרן מאַראַמאָרעשער׳ אַ ייד מיטן פולן מויל — אי פּע־
קעטען׳ דעם כמעט אַסימילירטן בודאַפעסטער יידי די רייד׳ דעם
פאָטערס׳ וואָסערע פאָרם זיי זאָלן נישט טראָגן׳ זענען זיי דאָך
טרייסטנדיקע׳ היילנדיקע׳ ווי אַ גוטער בוימל אויף אַ וווּנדי זיי
באַמיען זיך׳ די רייד׳ פאַרצוּשטעלן אָט יענע צייט ווען געלע בענ־
דער׳ מגן־דודן וועלן זיין צירונג׳ אַ זכר לגעטאָ׳ אַ זכר בלויז ...
מיטאַמאָל —

די טיר האָט זיך פונאַנדער געפראַלט׳ גלייך אַ פאַרפלייצנ־
דיק וואַסער וואָלט זי געשטויסן מיט דער נישט געצוימטער נאַטור־
קראַפטי און ס׳האָבן זיך באַוויזן צוויי באַוואָפנטע געשטאַלטן׳ אַ
זשאַנדאַר און אַ ״לעווענטע״.

דער ערשטער איז פּעקעטע אויפגעשפּרינגען פּלוצימדיק ווי
אָפּגעבראָטן און סאַלוטירט מיליטעריש׳ ווי ס׳איז פאָרגעשריבן׳ און
דערנאָך האָט זיך אויפגעשטעלט ר׳ יאָסל קוקנדיק פאַרחידושט און
דערשראָקן׳ סערל האָט זיך נישטאַמאָל אויסגעדרייט צו די אַריינ־
געקומענע נאָר זיך געמאַכט׳ אַז זי איז פאַרטון מיטן צוגרייטן
וועטשערע.

דער זשאַנדאַר האָט עזותדיק־ווילד זיך אַרומגעקוקט און
דערנאָך אַרויסגעברומט :

— נו׳ יונגער הער׳ ס׳בלייבט נאָך גענוג צייט צו פירן לי־
בעס אויך׳ ווי ?

— הער זשאַנדאַר׳ כ׳מעלד אונטערטעניק — האָט פּעקעטע
זיך פאַרענפערט׳ צוזאַמענשלאָגנדיק די פיס אין אַ מיליטערישער
שטעלונג — מיר זענען קרובים...

— יאָ־יאָ׳ מיר ווייסן — האָט זיך דער האָרטי־יוגנטלעכער
אַריינגעמישט׳ מיט אַ פילזאָגנדיקן טאָן — מיר ווייסן׳ אַלע זענט
איר קרובים׳ אַלע יידן...

— נו׳ וועגן דעם — האָט דער זשאַנדאַר אונטערבראָכן —
וועלן מיר ״דיסקוטירן״ אַ צווייט מאָל. אַצינד וועט דאָס ליבע פּריי־
לין (די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט האַלבער העפ־

לעכקייט און מיט האַלבער איראָניע), אַזוי העפלעך זיין מיטגיין מיט אונדז... יאָ, אויף אַ פּאַרהער...

סערל האָט זיך מעכאַניש אויסגעדרייט, אַדורכגעשטאָכן מיט אירע בליקן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט שנאה און פאַראַכטונג, די צוויי באַוואָפנטע און גאָרנישט זאָגנדיק פאַרביסן די ליפּן. אַזויפיל דער פאָטער האָט געשטעלט אַ פראַגע:

— טאַקע אַצינד, אָוונט?

— יאָ, אַצינד — האָט דער זשאַנדאַר זיך צעשריגן — וואָס איז, איר האָט נישט קיין צייט צו שלאָפן? צי האָט איר מורא אַז מיר וועלן זי אויפעסן? — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ בייזוויליקן ציניזם, — מיר עסן נישט קיין שיינע יידישע מיידלעך, מיר ווייסן וואָס מ'דאַרף טון...

— איך האָב נישט קיין מורא — האָט אים סערל איבערגעשלאָגן מיט אַן אַנטשלאָסענעם טאָן — מיר ווייסן אויך וואָס מע דאַרף טון...

— דו שווייג! — האָט די מוטער כמעט היסטעריש אַ שריי געטון, — דו רעד נישט וואָס מ'דאַרף נישט.

— נו, ווייניקער געפּלוידערט, גנעדיקע פרײלין — האָט דער זשאַנדאַר זיך אָנגעצונדן פון סערלס אַנטשלאָסנקייט — ביז די רויטע יידן פון מאָסקווע וועלן אַהער אָנשלאָגן, טראָגט איר נאָך דעם געלן שטערן און מיר די וואָפן...

— געגאַנגען!...

סערל האָט מיט אַ טיכל פאַרבונדן אירע שוואַרצע געקרייזלטע האָר און זיך געלאָזט גיין מיטן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווייל ס'איז געווען קלאָר, אַז פונעם אַקעגנשטעלן וועט גאָרנישט אַרויסקומען. ס'איז דאָך אַזוי ווי ער האָט געזאָגט: זיי האָבן די געלע מגן־דודס און „זיי" די וואָפן...

ביים אַרויסגיין פון שטוב האָט זי צו דער מוטער געזאָגט: „איך קום באַלד צוריק, זייט רואיק!" און איז אַוועק, באַלייט פון דעם זשאַנדאַר און דעם האָרכי־יוגנטלעכן.

אויף זייער געזיכט האָט מען געלייענט פרייד, אַ פרייד, פון אַ קאַץ וואָס האָט בייגעקומען אַ מייזל, וואָס איז שוין לאַנג גע־וועז געכאַפּט אין אַ מייזל־כאַפּער...

...סערל איז געשטאַנען אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. געביטן פון מידעקייט איר קערפּער פונעם לינקן פיס אויפן רעכטן און פונעם רעכטן אויפן לינקן, כדי אַזוי, אויף אַזאַ אַרט זיך אָפּצורוען כאָטש איין פוס.

דריי מאָל שוין האָט דער קלויסטער־זייגער די שעה גע־שלאָגן און זי שטייט נאָך אַלץ אויפן זעלבן אָרט, ווו מ׳האָט זי אַוועקגעשטעלט, מיטן פּנים צו דער וואַנט כדי זי זאָל זיך נישט קאָנען אַדורכרעדן מיט די אַנדערע קרבנות וואָס זענען אויך, ווי זי, אַהער גערופן געוואָרן און שטייען יעדע אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

געהייסן האָט עס, אַז מ׳האָט זיי גערופן אויף אַ פאַרהער פאַר עפּעס אַ חשד, אַז זיי די מיילעך האָבן צוגעשיקט עסן פאַר אַ יינגל פונעם אַרבעטס־באַטאַליאָן, וואָס איז געווען באַשטראָפט מיט אויסהענגען אויף צוויי שעה און זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער אמת האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז נישט דאָס איז עס. אַן אַנדערע כוונה האָבן די זשאַנדאַרן געהאַט דערביי. דאָס, דער פאַרהער, איז געווען נישט מער ווי אַן אויסרייד צו פּלאָגן די ייִדישע מיידלעך, צו ברעכן זייער שטאָלץ און אפשר אַזוי זיי בייצוקומען...

סערל האָט באַלד פאַרשטאַנען אין וועלכער לאַגע זי געפינט זיך. זי האָט אין משך די דריי שעה צייט געהאַט אי איבערצוציילן פון לאַנגווייליקייט יעדעס פּינטעלע, יעדעס שפּרינקעלע אויף דער וואַנט, אי איבערצוטראַכטן יעדע איינצלהייט. זי האָט געזען, אַז דאָס וואָס מ׳לאָזט זיי וואַרטן אַזוי פיל, שטייענדיק אויסגעדרייט צו דער וואַנט, איז סיסטעמאַטיש, אויסצומידן פיזיש און מאָראַליש, צו שוואַכן דעם ווידערשטאַנד.

פון יענער זייט דער טיר האָט זיך געהערט פון צייט צו צייט, ווען אַ בריל פון אַ זשאַנדאַר וואָס פירט דעם מישטיינס געזאָגטן פאַרהער, ווען אַ ווילדער היסטערישער פרויען־געשריי און ווען דאָס כליפּען, דאָס שטילע, פון אַ מיידלעש געוויין. זיי האָבן זיך נישט געהיט, די זשאַנדאַרן, אדרבא, זיי האָבן בכיוון אָפן גע־לאָזט די טיר, ס'זאָל זיך אַרויסהערן, כדי ס'זאָל בלייבן חייניקער "אַרבעט" מיט די איבעריקע קרבנות. זיי וועלן הערן, זיך איבער־שרעקן און אונטערגעבן...

סערל האָט אין די דריי שעה שטיין אויף איין אָרט, איבער־געקלערט איר גאַנץ לעבן, אירע איבערגעלעבטע קיילעכדיקע פּי־נעפאונצוואָנציק יאָר. איבערגעטראַכט דאָס וואָס די עלטערן אירע לעבן איבער אין דעם מאָמענט, אינדערהיים, נישטוויסנדיק וואָס ס'טוט זיך מיט איר. און געבליבן אַרום דעם געדאַנק: אַוו געפינט זיך אַצינד לייבי? ווו וואַלגערט ער זיך, לעבט ער כאָטש?

דאָס האָט זי געמוטשעט אין דעם אויגנבליק צום מערסטן. דאָס האָט זי געקאָנט שטאַרקן, אויסצוהאַלטן וויסנדיק אַז די ליידן וועלן נישט זיין אומזיסטיקע, אַז סוף־כל־סוף וועט זיך דאָך עס אַמאָל ענדיקן און דעמאָלט אַז לייבי וועט אַהיים קומען, זיי וועלן זיך ווידער זען — וועט זי אַ ריינע, אַ נישט באַפלעקטע, נישט צעטרעטענע פון אָט די פערדישע קאָפּעטעס, זאָגן: "אָט בין איך, כ'האָב דיך געוואַרט!"...

דאַכט זיך, אַז זי הערט זיי אַצינד די ווערטער, זיי וויברירן נאָך ביי איר אין די אויערן, שוין צוויי יאָר אַזוי, ווען לייבי האָט זיך מיט איר געזעגנט טעלעפאָניש איידער ער איז אַוועק אויפן פראָנט, אין דער אוקראַינע, מיטן אַרבעטס־באַטאַליאָן. יאָ, זי הערט נאָך אַצינד.

"זיי געזונט!... איך גיי, און ווייס נישט וווהין דער גורל וועט מיך פאַרפירן; ווען און אויב איך וועל זיך צוריק קערן... איין זאַך, בעט איך דיך, געדענק: מיר האָבן אַ בשותפותדיקע צוקונפט"...

„נו, גוט!" — דאָס איז געווען איר ענפער, מיט אַ טאָן פון גלייכגילטיקייט. וואָס האָט זי אים געקאָנט זאָגן מער? זי האָט אים נאָך אַזוי נישט געהערט רעדן און זיך נישט געגלייבט אַז דאָס הערט זי אים. ס'קאָן זיין אַז ער האָט זיך צוגעגרייט פון פריער, איידער ער האָט זי גערופן צום טעלעפאָן, איר דאָס צו דערקלערן. זי אָבער איז געווען אומגעראָכטן.

אָבער אַצינד?

אַצינד פאַרשטייט זי זייער גוט זיינע ווערטער. ערשט איצט זענען איר נאָענט געוואָרן יענע ווערטער, וועלכע זי האָט זיי געהאַלטן פאַר באַנאַלע. איצט וואָלט זי אַנדערש געענפערט. נישט אַ קאַלטבלוטיקן „נו, גוט!" נאָר אַן ענפער, וואָס זאָל אים זיין אַ דערמוטיקונג, וואָס זאָל אים באַלייטן איבעראַל און זאָל פעסטיקן זיין אויסדויער. אַצינד וואָלט זי אים געוואָלט אָפּשיקן דעם ענפער, אין גרויסע בולטע בלאָק־אותיות, ווי די טיטלען אויף אַ פילם:

„יאָ, חבר, מיר האָבן אַ בשותּפותדיקע צוקונפט. נו, געוויס, ווייל מיר האָבן אַ בשותּפותדיקע פאַרגאַנגענהייט"...

דאָס האָט זי געטראַכט דאָ, ביי דער טיר פונעם אָפּגרונט. ער, לייבי, האָט פון דעם נישט געקאָנט וויסן. און אפשר האָט ער דאָרט אויף די פוילישע מינע־פעלדער געחלומט דערפון?... אפשר איז פאַראַן ערגעץ אַזאַ קראַפט, וואָס בינדט צונויף די געדאַנקען פון צוויי מענטשן וואָס טראַכטן איין און די זעלבע זאַך, אין איין און דער זעלבער צייט, מעגן זיי זיין אויך ווי ווייט איינער פון צווייטן?...

סערלס מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן, גלייך מ'וועקט איינעם אַדורך פונעם שלאָף, פונעם חלומען. דאָס מיידל וואָס איז אַרויסגעקומען פונעם פאַרהער, איר אויסזע, האָט זי ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

דאָס מיידל, סערלס אַ חברטע, וואָס איז אַרויסגעקומען האָט אויסגעזען ווי אַ ווייסער סאַמעטענער פּרוכת, וואָס איז צעטרעטן געוואָרן פון אַ בלאָטיקן חזיר...

די האָר, צעשייבערטע, זענען איר אַריבער געפאַלן אין די אויגן, אויפן האַלדז האָבן זיך דערקאָנט בלוטיקע צייכנס, דאָס קלייד ביי דער ברוסט איז געווען פונאַנדער געריסן...

סערלען, ווען זי האָט זי דערזען, האָט זיך געוואָלט שרייען, געוואַלדעווען, וואָיען ווי אַ משוגענע סתם אַזוי, כאָטש ס'וועט קיי־נער נישט הערן, ווייל ס'האָט איר אויסגעוויזן אַז ס'איז שוין נישטאָ אויף דער וועלט קיין אויער, וועלעכס ס'זאָל זיך צוהערן צו מענטש־ליכן חיי.

די ריי איז געקומען אויף איר. אַ זשאַנדאַר האָט נישט־אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט איר נאָר געמאַכט אַ צייכן מיטן פינגער זי זאָל אַריין גיין.

זי איז אַריין און זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן טיש, ביי וועלעכן ס'איז געזעסן דער שעף פון די זשאַנדאַרן. די איבעריקע זשאַנ־דאַרן זענען אַרויס און האָבן זיי געלאָזט אַליין.

אַ ווײַלע האָט ער זי אָנגעקוקט, זי אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ, איר אָנגעבאָטן אַ שטול, אויף וואָס זי האָט געענפערט מיט "אַ דאַנק!" און זיך נישט געזעצט. ער האָט געוואָלט, ווייזט אויס, אָנהויבן אַ שמועס, נאָר אַז ער האָט געזען אַז מיטן שטול אָנבאָט איז עס נישט געגאַן, האָט ער אָנגענומען אַן אַנדערע מע־טאָדע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, דערנעענטערט צון איר.

— נו, וואָס טראַכט איר, ליבע פריילין? — האָט ער זיך געוואָנדן מיט אַ געמאַכטער פריינטלעכקייט — האָט קיין מורא — און אַרומגענומען זי מיט דער רעכטער האַנט ביי דער טאַליע און מיט דער לינקערביים קאָפּ האָר, געוואָלט זי צופרעסן צו זיך, זי קושן.

— ניין, קיינמאָל! — האָט זי זיך צעשריגן, אויסרייסנדיק פונעם קלעם. און אין די ווערטער האָט געקלונגען האַרטע אַנט־שלאָסנקייט פון אַ פאַרצווייפלטן, וואָס איז אויף אַלעם גרייט, אויף אַלעמען אומשטאַנד, נאָר אויסצופירן זיינס.

ער האָט זיך אָנגעצונדן, דאָס בלוט האָט אים געשלאָגן אין

פנים פון רציחה, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן און אָנגעהויבן ווידער מיט „גוטן“: ער איז נישט אַזאַ שלעכטער ווי מ׳מיינט, וזאָ ראיה, וואָלט ער אויסגעפירט אַלע באַפעלן, וואָלט אַזוי און אזוי געווען פאַר יידן... בפרט צו זיי, צון איר משפחה און צון איר וועט ער זיין גוט, ער וועט זיי העלפן און נאָך האָט ער צוגעזאָגט און נאָך...

ווען ער האָט זיך אָבער ווידער גענענט און אָנגענומען איר האַנט, געוואָלט אָנהויבן דעם שפּיל פונסיי, האָט זי אים אָפּגעשטויסן, ווי איינער שטויסט אָפּ אַ הינטל ווען ס׳וויל לעקן די האַנט.

— הער שעף, — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ ציטערנדיקער שטים — צו וואָס טויגן די אַלע שפּילן. איר ווייסט גאַנץ גוט און אויב איר ווייסט עס נאָך נישט, טאָ זייט עס וויסן אַצינד: איך בין נישט פון די, וואָס גיבן זיך איבער מיטן גוטן ווילן, און וואָס אָנבאַלאַנגט „געוואַלט“, איז דאַכט זיך אַ שאָד די מי, ווייל איר וועט ביי מיר קיין פאַרגעניגנס נישט געפינען, אָט זעט — זי האָט געוויינט, נישט מיט לעמלדיקע רחמנות־געבעטן נאָר מיט רציחהדיקן וואָלפישן געברום, גרייט אויף אַלעם — זעט מיינע נעגל, ס׳איז מיינע איינאיינציקע וואָפן, מיט וואָס איך קאָן זיך מיט זיי פאַרטיידיקן, איך ווייס, מיינע וואָפן זענען שוואַכע אָבער זענען גענוג אויף צו פאַרשטערן אויך דעם מינדסטן גענוס, מיר איז אַלצאיינס.

ער איז אַריין אין צווייטן צימער און זי איבערגעלאָזט רעדנדיק, אַליין, וויינענדיק.

סערל האָט געוווסט אַז דערמיט האָט זיך עס נאָך נישט געענדיקט, זי האָט געוווסט, אַז אויב אפילו מיט דעם־אָ, מיטן שעף פון די זשאַנדאַרן, האָט זי אפשר שוין געענדיקט, זענען אָבער נאָך דאָ די קלענערע הינט, דאָך האָט דאָס איר שוין אַריינגעגעבן נייעם מוט.

אָנשטאָט דעם שעף איז אַריינגעקומען אַ זשאַנדאַר, אַ לאַנגער, מיט אַן אויסזע פון אַ לעגענדאַרן מלאכי־חבלהניק.

— נו ? — דאָס איז דאָס איינציקע וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, און ס'איז געבליבן הענגען אין דער לופט, ווי אַן אויפגעהאָנגענע שוואַרצע וואַראָנע, וואָס שרעקט די פייגל פון דער ווייטנס.

סערל האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, פאַרשטעלט אין די הענט פאַרזינקען אין אַ שטיל שלוכצן. זי האָט נישט געהערט זיין פראַגע, זיין "נו ?". זי איז ווי גלייך זי וואָלט נישט געווען דאָ. דער דענק־אַפּאַראַט האָט נישט פונקציאָנירט. זי איז געשטאַנען אַזוי, פאַרשטומט און נישט געטראַכט פון גאָרנישט; זי איז געשטאַנען ווי איינער וואָס איז אונטערן וואַסער אויך מיטן קאָפּ און הערט נישט מער ווי דאָס רוישן פונעם וואַסער וואָס שטראָמט.

— לאָמיר נאָר זען — האָט דער זשאַנדאַר געפרווּט אַוועקנעמען אירע הענט פונעם געזיכט, — לאָמיך נאָר זען וואָס אַ שיין מיידעלע דו ביסט...

— גיי !... רוצחים וואָס איר זענט, גיי אַוועק פון מיר !...

ווי פון אַ קעסל, אַן אויפגעהיצטן וואָס האָט געפּלאַצט, האָט עס געשלאָגן פון איר מיט האַס, עקל און אָפּשיי. ס'האָט געדאַכט, אַז זי איז, חלילה, פונעם זין. דאָס געשריי איז געווען אַ היסטע־רישס, ווי פון איינעם וואָס שרייט זיך אַליין צו פאַרטייבן איידער ער וויל זיך וואַרפן אונטער אַ באַן.

דעם זשאַנדאַר איז אַ שווידער אַריבער איבערן לייב. ער האָט דערזען, אַז אָנשטאָט אַ מיידל, אַ פרוי צום געניסן, האָט ער פאַר זיך אַן אויפגערייצטע חיה, וואָס איז אומשטאַנד מיט איר גיפט צו פאַרסמען אַלץ און יעדן אַרום איר. ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ האָר און אַ שליידער געטון. זי איז אומגעפאַלן.

— דו יידישע קורווע!... מיינסט איך שמיר זיך מיט דיר איין ?! — אין די אויגן האָט אים געבהענט אַ פייערל, ווי ביי אַן אויפגערייצטן בוהיי. ער האָט געדעכעט שווער, גלייך ווי איינער וואָס קריכט באַרג־אַרויף.

ער האָט זיך צוגעבויגן צון איר און אַריינשטופּנדיק די הענט צון איר אין בוזעם, האָט ער איר אויפגעריסן די בלוזע.

סערל איז אינסטינקטיוו צוגעפאַלן מיט די ציין צו זיין האַנט, זיך איינגעביסן, ווי ס'בייסט זיך איין אַ פראָסט אין אַ נאַ־קעטן קערפּער. זי האָט ערשט איצט אָנגעהויבן קומען צו זיך און וויסן וואָס ס'קומט מיט איר פאָר. זי האָט געהאַלטן איינגעביסן זיין האַנט און געפילט דאָס בלוט זיינס, וואָס איז אַרויסגערונען אויף אירע ליפּן. זי האָט דערפילט אַ ליכטקייט, ווי זומער נאָך אַ קאַלטן באַד. אויפן האַרץ איז איר געוואָרן זיס, אָנגענעם. זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט געזיגט.

דער זשאַנדאַר דערפילנדיק די ווייטיק, האָט ער אַרויס גע־לאָזט אַ פאַרצווייפלטן גרילץ, אויף וואָס דער שעף איז אַריינגע־קומען פון צווייטן צימער און געזען וואָס דאָ טוט זיך איבער. ער האָט צוגעשפּאַנט נאָענט און דערלאַנגט מיט די שטיוול סערלען גלייך אין געזיכט. ערשט איצט איז די האַנט באַפרייט געוואָרן פון אירע ציין. דאָס בלוט האָט איר געשלאָגן פון מויל און פון דער נאָז — זי האָט געחלשט...

דער זשאַנדאַר האָט זי אַרויסגעשלעפּט ביי די האָר און אַריבערגעוואָרפן אין יענער זייט דער שוועל.

— גיי, דו פאַרשטונקענע יידישע קורווע!...

אַזוי איז זי געלעגן אין חלשות, פאַר דער שוועל. איינגע־טוליעט אין זיך, איינגעדרייט ווי אַ ריטש. דאָס געזיכט אירס האָט זיך קוים אַפּירגעזען פון אונטער די אַריבערגעפאַלענע האָר, צוגע־קלעפּטע מיטן בלוט. פון דער צעריסענער בלוזע האָבן אַפּירגעקוקט צווי ווייסע ברוסטלעך, ווי צווי הייליקייטן נישט פאַרשוועכטע...

# 10

— טירן שליסן!
— טירן שליסן!
— טירן שלי— — — !
— ט—י—ר—ן ש—ל—י— — — !
— ט—י—ר—ר—ר— — — — — —

פון וואַגאָן צו וואַגאָן האָט זיך עס איבערגעשריגן. ביי יעדער טיר האָבן צוויי אונגאַרישע זשאַנדאַרן איבערגעחזרט דעם באַפעל, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי אַ בר־מנן אין שוואַרצן געהילט, איבער קעפּ, איבער מאָל און בערג, איבער וועלטן.

סערלען האָט זיך געדאַכט, אַז נישט טירן פון אַ וואַגאָן מאַכט מען צו, נאָר אַן אָרון. אַ קבר פאַרשיט מען, די ערד זאָל צודעקן און מאַכן פאַרגעסן.

אין דער ענגשאַפט האָט מען קיין רו נישט געפונען. יעדער האָט געזוכט ווי נישט איז זיך איינצואָרדנען, צו געפינען אַן אָרט, אַ ווינקל, וווּ ער זאָל זיך אָוועקזעצן און דאָך איז קיינער נישט געזעסן. אַלע האָבן גערעדט, געשריגן און גוואַלדעוועט מיטאַמאָל.

— זאָל שוין זיין שטיל אַמאָל!
— אוי־ווײ, דער פוס!
— טרעט נישט אַרום, שטייט איין אויף אַן אָרט!
— אוי, דאָס קינד! איר זענט בלינד, צי וואָס?!
— פאַרשטומט שוין אַמאָל!

זאָל זיין שאַ! שאַ—אַ!!

„ס׳זאָל זיין שאַ!" דאָס האָט דער יידישער וואַגאָן־עלטסטער געפרווט איינשטילן, דערמיט האָט ער געוואָלט זיין שליחות דערפולן. ער האָט זיך געפילט אוממעכטיק, ווייל, איז דען ביי אים אויפן האַרץ אַנדערש געווען ווי ביי אַלע? איז דען זיין געמיט נישט געווען צוגלייך מיט אַלע — אַן איבערגעשראָקענע הון?!

נאָך אַנדערטהאַלבן חדשים געטאָ, נאָך דעם ווי מ׳האָט שוין באַהוילט זייער האָב, האָט מען פאַרלאָדן צו זעכציק־זיבעציק פאַרשוין אין אַ לאַסט־וואַגאָן און אויסגעראָכטן קיין דייטשלאַנד. אָנגעטאַסעוועט מענער, פרויען מיט פיצלעך קינדער און מיידלעך, ווי הערינג אין אַ פעסל. די פרויען זענען געווען דאָס רובֿ. יונגע מענער זענען געווען פאַרנומען שוין צוריק מיט יאָרן צוויי־דריי אין די אַרבעט־באַטאַליאָנען. טייל פון זיי האָבן שוין נישט געלעבט, צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך אויף די אוקראַאינישע מינענפעלדער; אַנדערע זענען געווען אין רוסישער געפאַנגענשאַפט אָדער אין פאַרטיזאַנער־אָפטיילן, און די איבעריקע זענען נאָך געווען ערגעץ אויפן פראָנט. מענער זענען אין וואַגאָן געווען מיינסטנס זקנים.

מ׳האָט זיך עפעס מיטגענומען צו עסן. אַ ביסל אויסגעטריקנט ברויט, וואָס קאָן קלעקן צו דערהאַלטן דאָס חיות עטלעכע טעג. וואַסער האָט געמאַנגלט. די זשאַנדאַרן האָבן דערלויבט אַריינצונעמען נאָר צון איין איימער וואַסער אין אַ וואַגאָן אויף דער גאַנצער רייזע.

אין וואַגאָן איז דאָס לעבן געווען אַ קנאַפּס. אין דרויסן האָט אַ גרויסע זומערדיקע זון געשיינט. ס׳איז געווען אַ וואָך פאַר שבועות. אַפילו דאָס ביסל זון וואָס איז אַריינגעדרונגען דורך די קליינע פאַרקראַטעטע צוויי פענצטערלעך איז געווען פאַרשטעלט מיט קעפּ, נייגעריקע, וואָס האָבן זיך נאָך נישט געוואָלט אָפּרייסן פון דער אויסער־וואַגאָנעדיקער וועלט. געזוכט פאַרבינדונג כאָטש מיטן בליק.

סערל האָט געזען אַוועקצושטעלן זייער פּעקל אין אַ זייט, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און באַזעצט די מוטער. זי האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געפּרוווט איינשטילן, אויסרעדן איר, אַז זי, די מוטער, זאָל זיך נישט באַטייליקן אין די געשרייען. זי האָט פאַרשטאַנען: ס׳זענען דאָ איינגעשפּאַרט אין וואַגאָן מענטשן פון פאַרשידענע עלטערס, פאַרשידענע שטאַנדן, פאַרשידענע נערוון, אָנגעצויגענע, גרייט צו יעדער מינוט אויסצוגיסן זייער ביטערקייט אויפן ערשטן וואָס קומט אונטער. זי האָט עס פאַרשטאַנען.

זי אַליין? זי האָט זיך געפּרוווט איינלעבן אינעם גאַנג פון די געשעענישן, ווי ס׳לעבט זיך איין אַן אַרטיסט אין ראָל, אין אַ לעבן אַ פרעמדס פון אים.

זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין מחשבות, יאושדיקע צו וועלכע די וואַגאָן־רעדער האָבן צוגעשלאָגן: „אַזוי־אַזוי, אַזוי־אַזוי". נאָך עטלעכע שעה פאָרן האָט מען נאָר אָנעם רעדער־געקלאַפּ דערקאָנט, אַז מע פאָרט פאַרביי אַ בריק, אַ סטאַציע, אַ שטאָט און נאָך איינע און נאָך, אַלץ ווייטער פון דער היים און אַלץ נעענטער צום גלות, וועלכעס זיי האָבן נאָך נישט געוווּסט ווי ס׳וועט אויסזען.

דער אַלטער ר׳ משה־לייזער האָט זיך געשאַרט לאַנגזאַם, צוברומענדיק שטיל, אונטער דער נאָז, אַ תנועהלע, ווי סוכות מיטן לולב אין די הענט ביי די נענועים. ער האָט נישט דערהערט גוט, האָט ער נישט גערעדט צו קיינעם. געשטאַנען מיטן טלית־בייטל אונטער דער אָרעם, צוגעפּרעסט אים, גלייך ער וואָלט מיט אים נישט זיכער געווען.

עמעצן, אַ יונגן מאַן, האָט זיך חוזקן געוואָלט:

— ר׳ משה־לייזער, איר מאָגט אייך שוין שטעלן צום עמוד. דער עולם איז שוין ד'אָ... וואָס זאָל מען זאָגן: אַ קדיש־יתום צי אַ רבנן־קדיש?

ר׳ משה־לייזער האָט צוגעבויגן דאָס אויער:

— האַ - אַ? אַ רבנן־קדיש? ווער זאָגט עס?!... ניין,

הלל! הלל זאָל מען זאָגן, הלל! ר׳ הערשל, ר׳ הערשל! נעמט אַפּיר דעם טלית און תּפילין, לאָמיר הלל זאָגן. ס׳איז די שעה פון גאולה!

ר׳ הערשל, אַ פּעך־שוואַרצער ייד, אַ בעל־מקובל, איז געשטאַנען ביי אַ זייט און ביי דער שיין פונעם פענצטערל זיך געשאָקלט מיט אַ ספרל אין די הענט. ר׳ משה־לייזערס רוף האָט אים ווי אַדורכגעוועקט.

— הלל? יאָ, הלל... יידן! יידן! לאָמיר טאַקע הלל זאָגן. אָט איז די גאולה! יידן!...

זיין קול האָט זיך אַדורך די גוואַלדעס דורכגעשניטן, ווי אַ זונען־שטראַל דורך וואָלקנס, ווי אַ רוף פון אַ שופר, וואָס בלאָזט מיט יעמערלעכקייט. אַ ווולקאַן האָט אויסגעבראָכן. ס׳האָט אין אַ בוים אַ בליץ אַריינגעשלאָגן און אַ וואַלד אָנגעצונדן.

— — — יידן שטייען ביי אַ ים, ווי זענען געשטאַנען ביים ים בזמן יציאַת־מצרים. נחשון בן עמינדב (און וויפל נחשונס מיט אים?) האָבן געזען פון פאַרנט דעם ווילדן ברויז פון ים און פון הינטן יאָגן זיי נאָך די אויפגעהעצטע מצריים... ס׳איז געווען בבחינת „כלו כל הקיצין“. אויך כביכול האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. אויך ער האָט זיך געפילט יאושדיק, אין „עמו אָנכי בצרה“־דיקן קלעם. האָט נישט געוואָלט מקבל זיין אַפילו די שירה פון די מלאַכי־השרת. „מיינע קינדער טרינקען זיך אין ים און איר זאָגט שירה“?! און דעמאָלט... דעמאָלט איז עס געשען. ווען יידן האָבן שוין גאָר קיין אויסוועג נישט געהאַט. אויך כביכול האָט נאָר דעמאָלט און נישט פריער געקאָנט דערגרייכן צו קריעת־ים־סוף, ווען ס׳איז באו מים עד נפש...

— — — יידן, איר פילט נישט אַז די גאולה, די ישועה רוקט צו? — — — לאָמיר מאַכן אַ ריקודל, אַ ריקודל, יידן!... אָנא אַדוני, הושיעה נא! אָנא אַדוני, הצליחה נא!... טאַנצט מיט, יידן, די גאולה איז דאָ, די ישועה פון גאָט איז כהרף עין. צי זעט איר נישט אַז ס׳איז משיחס־צייטן?! — — — —

הענט האָבן זיך פאַרפלאָכטן, פאַרוואָרפן איבער די אַקסלי, זיך אַרומגעכאַפּט אין דער ענגשאַפט און זיך געוואַקלט אויף איין אָרט שטייענדיק.

— עוד ישמע בערי יהודה ובחוצות ירושלים — — —

— ויהי בישורון מלך בהתאסף ראשי עם, י־ח־ד, יחד שבטי ישראל — — —

זינגענדיק אַזוי האָבן זיי זיך געהויבן, געוואַקלט אין אַ טענצל, ווי ביי די הקפות, געדרייט מיטן קאָפּ צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה, צו פאַרשיכורן זיך מיטן חסידישן התלהבות. מיט אַמאָל האָט זיך ר' הערשל אָפּגעשטעלט:

— יידן! יידן! אַחינו בני ישראל!!!

אין וואַגאָן איז געוואָרן שטיל, ווי צו כל־נדרי. די קולות זענען פאַרשטומט געוואָרן. איינעם האָט מען נאָר געהערט, ר' הערשלס רוף, וואָס האָט זיך געטראָגן אין טונקלען חלל פון וואַגאָן ווי אַ חייסע טויב. אַ פונק האָט אָנגעצונדן די הערצער, די פאַרוויסטיקטע, די פאַרזונקענע אין יאוש.

— — — אחינו, די קינדער פון אַברהם יצחק און יעקב — — —

סערל האָט פאַרגעסן ווו זי איז, זי איז אַ ווייטע מיטגעריסן געוואָרן מיט די רייד פונעם מקובל, כאָטש זי האָט זיי נישט אַלע פאַרשטאַנען, אַזויפיל האָט זי דערקאָנט, אַז זיי זענען שטאַרקע די רייד, זיי באַזיצן דעם כוח אונטערצוטראָגן אין אַ טענצל, כאָטש אויפן שכל און אויפן האַרץ לייגט זיך עס נישט, זיי זענען בכוח אָנצוצינדן נישט נאָר די הערצער פון אַ וואַגאָן יידן, פרויען און קינדער, נאָר אויך מלאָכים און שרפים. זי האָט געזען ווי די געזיכטער פון אַלע זענען געוואָנדן צו אים, ר' הערשלען, וועלכער איז אין דעם מאָמענט אויסגעוואַקסן אין אַלעמענס אויגן, געוואָרן אַ ריז, וואָס דערגרייכט מיט זיין גרויסקייט ביזן הימל, ביז צו גאָט. טייל האָבן אָנגעהויבן ציען די טליתל־בייטלעך פון די פעקלעך אַרויס און טייל האָבן עס נישט געוואַגט, זיי האָבן נישט געקאָנט

זיך אָפּרייסן צו מאַכן די מינדסטע באַוועגונג, צו שטערן די רו, די שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין וואַגאָן און איינגעהילט אַלעס און יעדן, אויך די רעדער, האָט זיך געדאַכט, רוישן נישט מער, פאַרטויבן נישט, נאָר שלאָגן ווען־נישט־ווען צו צום טאַקט, צו די ריידן, די הייליקע, די שאַרפע ווי גלאַנצנדיקע חלפים.

סערל האָט זיך לאַנגזאַם איינגעבויגן און אַפּירגענומען דעם טלית און שווייגנדיק דערלאַנגט דעם פאָטער. זי האָט פאַרגעסן דעמאָלט, אַז זי איז אַ פאַרטיי־מענטש און האַלט זיך פאַר אַ פריידענקערן. זי האָט עס געטון כמעט אינסטינקטיוו. איר האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז עפּעס מוז טאַקע געשען. עפּעס געשעעט מיט זיי. עפּעס דאַרף מיט זיי געשען, עפּעס אַזעלעכס וואָס מ׳קאָן אים קיין נאָמען נישט געבן. און זי האָט אויך מיטגעשעפּטשעט מיט די אַנדערע מענער און ווייבער, יונג און אַלט.

זי האָט זיך דערפילט אַ בלאָנדזשענדיקע, מיט אַ צעריסענער נשמה. געוואָרפן צווישן גלויבן און נישט גלויבן, ר׳ הערשל האָט אויפגעוועקט אין איר אַ ווילן מקריב צו זיין זיך, אָפּצוגעבן אירע צוויי טויזנט יונגע יאָרן, די איינגעהילטע אין שפּינוועב־אילוזיעס, יוגנט־חלומות נישט באַשיידטע; אָפּצוגעבן זיי עמעצן פאַר עפּעס, פאַר אַ פונק גלויבן. גלויבן אין גאָט, אין וועלט, און אין מענטש...

זי האָט צוגעהערטביידע, ר׳ משה־לייזערן און ר׳ הערשלען, וואָס האָבן גערעדט מיט אַמאָל, ביידע כמעט דאָס זעלבע און דאָך נישט. איינער תחנונימדיק, ווייבעריש, צאינה וראינהדיק און דער צווייטער מאַנענדיק, מענעריש, געוואַגט, ווי איינער וואָס פאַרמעסט זיך אין אַ געפעכט און איז זיכער אין זיג, און ווען נישט — וויל ער כאָטש פאַלן העלדיש.

ביידע האָבן זיי גערעדט מיט אַמאָל, אין עקסטאַז, אויסגעטון פון דעם גאַנצן אַרום.

— — — ...גייען מיר אַזוי, שוין טויזנטער יאָר, ווי סע גייט ביי נאַכט אַ וואַנדערער אין וואַלד, ביי דער שיין פון בליץ.

מאַכט אַ טריט און שטעלט זיך אָפּ. מאַכט אַ טריט, א נישט זי־כערן, און שטעלט זיך אָפּ. קומען אָבער צייטן, ווען דעם מענטש נעמט אַרום אַ באַגער און ער זאָגט: ווען קומט שוין דער בליץ, זאָל ווייזן אַ בוים, אַן אויסגעהוילטן, צו געפינען אַן אָרט פאַר רו. אַ היים, אַ מקום מנוחה, ער זאָל זיך אַריינגנורען אין זיין איינגע־חייד, ווי אַ בער וואָס וואַרט אין אַ בוים דעם אָנקום פונעם זומער...

— — —די שכינה, זי האָט זיך באַוויזן נאַקעט. די "זרוע נטויה" האָט געזען אי דאָס קינד ביי דער מוטערס ברוסט, אי דער זקן ושיבה, משה רבנו און אויך די עבדים ושפחות. אַלע, אַלע האָבן זיי געזען די שכינה... זינגט מיט, יידן, זינגט מיט: הללו אל בקדשו — לויבט גאָט אין זיין הייליקייט — צי פילט איר נישט, צי פילט איר נאָך נישט די נאָענטקייט פון דער ישועה? וואָס שטייט איר? פאַר וואָס זאָלט איר זיין פון די קטני־אמנה? שפרינגט מיט מיט נחשון בן עמינדב!...

— — — ...ווו געפין איך אַן אָפּרו ביז ס'וועט שאַריען אויף טאָג?...

ר' הערשל איז אַ ווייל'ע שטיין געבליבן, מיט די הענט צע־נומענע, פרעגנדיקע. די אויגן געוואָנדן אַרויף. ס'האָט זיך געדאַכט אַז אָט שטייט ער על פרשת דרכים, גרייט אָנצונעמען אַ וועג, אַ נייעם. אַ פויגל האָט אויסגעשפרייט די פליגל גרייט צום פליען. וווהין? ער האָט אים שוין דעם וועג, נאָר ער האָט זיך נאָך נישט אַנטשלאָסן.

— — — ווען וועט קומען טאָג, דער יום שכלו אָרוך?... וועט זיין טאָג אַמאָל, דער טאָג וועגן וועלכן ס'רעדט אי דער זוהר אי דער רמב"ם, די גמרא און די נביאים? ביז ווי לאַנג נאָך וועלן יידן אומגליקלעכע, געחאָרפענע ווי דאָס שעיר־לעזאזל, חלומען און בענקען נאָך זיין קומען?... איז בכלל פאַראַן טאָג, איז פאַראַן? — —

— — — "לא לנו אדוני אלוהנו" נישט פון אונדזערט

וועגן, פאָטער אין הימל, נישט פון אונדזערט וועגן נאָר פון דיין ליבן נאָמענס וועגן. "פאַר וואָס זאָלן די גוים שפּאָטן: ווו איז זייער גאָט?" פאַר וואָס, ביז ווען? —

ביידע האָבן זיי גערעדט מיט אַמאָל און איינער דעם צווייטן האָט כמעט נישט געהערט:

— אָ, גאָט!...

— אָ, גאָט!...

— אַלמעכטיקער, דערבאַרעמדיקער, דו וואָס ביסט אַ שומע תפילת עמך ישראל, וואָס האָסט דיך שוין אָנגעהערט מיט ווער ווייסט וויפל תפילות, מיט ווער ווייסט וויפל מענטשלעכן חיי

— הער זיך צו. אַצינד אויך צו אונדזער געבעט; דען מיר בעטן נישט פאַר אונדז נאָר פאַרן כבוד פון דיין ליבן נאָמען...

— אומומעכטיקער, דו וואָס ביסט אומעטום, אומעטום און דערפאַר אינערגעץ...

אַ קאַלטער ציטער איז אַריבער איבער אַ יעדנס לייב. זיי האָבן דערהערט ווערטער וואָס זענען נישט פון ר' הערשלס מויל אַרויסגערעדט געוואָרן. צי איז ער חלילה פון זין אַראָפּ?...

— ווען אלישע בן אבויה האָט געפונען מטטרונען שרייבנ־דיק די זכיות פון ישראל, האָט ער נישט פאַרשטאַנען, ווי איז דאָס מעגלעך אַז אין איין היכל זאָל מען שרייבן די יידישע זכיות און אין אַ צווייטן זאָל מען מעכב זיין די גאולה, האַלטן יידן אין גלות הונדערטער יאָרן שוין, אין מצרים און אַשור, בבל און רומא. האָט ער געפרעגט: כלום שתי רשויות יש בעולם? צי איז פאַראַן אויף דער וועלט צוויי מנהיגים, צוויי געטער אָ־דער איין צווייפּנימדיקער? האָט מען אים פאַרשטויסן, נעבעך, פאַרן אמת און געמאַכט פון אים אַן "אחר", אַן אַפּיקורוס...
אויך היינט זיצט מטטרון, און שרייבט די זכיות פון ישראל. יידישע קינדער טוען מצוות, לאָזן זיך מקריב זיין פאַר זיין ליבן נאָמען, באַרירן נישט אַ פליג אויף דער וואַנט, זענען נישט שופך דם — און דאָך... איך פרעג היינט דעם מטטרון, וואָס

שרייבט די זכיות פון יידן: צי איז נישטאָ נישט אַמאָל איין גאָט אויף דער וועלט? פאַר וואָס שרייבסטו נישט די זכיות פון די גערמאַנים און די ישראל לאָז אין פאַרגעסנהייט?...

— — — ...אָ, גאָטעניו, באַווייז דיין כבוד, באַווייז, ווי דו האָסט דיך באַוויזן צו אליהון אויפן הר־הכרמל —

— — — יאָ, גאָטעניו, דו, וואָס מענטשן האָבן דיך מיט זייער נאַרישקייט אויסגעטראַכט און באַשאַפן...

ר׳ משה־לייזער האָט צוגעמאַכט די אויגן און פאַרשטעקט די אויערן, ווייל געקלונגען האָבן יענע ווערטער ר׳ הערשלס העכער פון זיינע ציטערנדיק אין גאַנצן האָט ער אים געפרווט איבערשרייען:

— — — באַווייז, כאָטש איין שטראַל פון דיין גרויס ליכטיקייט, פון „אור הנצחי” און עפן זיי אַלע די אויגן, זיי דיינע אונטערטעניקסטע. לאָזן זיי זען כאָטש אַ שפּיץ זוים פון דיין קלייד, רבונו־של־עולם, כאָטש איין שטראַל...

— — — דו, וואָס ביסט געזעסן יאָרן לאַנג אין דמיון פון דער צווייפיסנדיקער בריאה, דו אוממעכטיקער, וואָס שוטים האָבן דיר אַ צונאָמען געגעבן פון אַ כל־יכול — — —

אַ מורמל איז אַדורך צווישן עולם. מענטשן האָבן זיך אָנגעקוקט משתומם פון די דבורים. איינער האָט אויסגעטון דעם טלית און געשטאַנען מיט אים אין דער האַנט. אַ צווייטער האָט אויסגעטון די תפילין. די ווערטער ר׳ הערשלס האָבן זיך געשיט ווי אַ האָגל איבער די פנימער, אויסגעשטרעקטע, וואָס האָבן געלעכצט נאָך דערלייזונג, נאָך אַ טרייסט־וואָרט. מעכטיק זענען זיי געווען די ווערטער. זייער קראַפט האָט זיך אָנגעטאַפּט און מ׳האָט געפילט, אַז שטאַרקער זענען זיינע ווערטער פון ר׳ משה־לייזערס, ווי ס׳זענען שטאַרקער פלאַקסענע שטריק פון אויסגעטריקנט שטרוי.

און די שטים איז געשטיגן, ווי אין פאַרמעסט זיך אַליין איבערצושרייען:

— כאָטש איין שטראַל, גאָטעניו, מיר זאָלן זען כאָטש אַ־זויפיל, וויפל ס׳האָט געזען בילעמס אייזל. מיר זאָלן זען כאָטש אַ שמץ פונעם זין אָדער אומזין פון דער גרויסער וועלט, פאַר־שטיין דעם אומגעלומפּערטן וועג, וועלעכן מיר גייען שוין יאָרן טויזנטער און ווייסן נאָך אַלץ נישט ווו מיר זענען, און ווייסן נאָך אַלץ נישט ווו מיר ווען אָנקומען.

ר׳ הערשל האָט אים איבערגעשריגן:

— אָ, גאָט, דו, צו וועמען ווער ווייסט וויפל תפילות מ׳האָט שוין געזאָגט און זענען געהערט געוואָרן נישט מער ווי דאָס וואָיען פון הינט און מיאַוקען פון קעץ, נישט צו דיר ריכט איך שוין אַצינד מיין תפילה, נישט צו דיר, נאָר צו די בני־אָדם, אָט יענע וואָס זענען געווינט געווען נאָר מתפלל צו זיין, איז ווייל איך אַז זיי זאָלן דערהערן מיין תפילה. די ער־שטע תפילה „צו״ זיי און נישט „פון״ זיי...

ר׳ משה־לייזער האָט זיך ווידער צעיאָמערט:

— שענק מיר, רבונו־של־עולם, כאָטש איין שטראַל. זאָל עס זיין אַ בליץ אַפילו, אין וועלעכן כ׳זאָל אַליין פאַרברענט ווערן — נאָר ליכטיק זאָל מיר ווערן, כאָטש איין מאָל. איין מאָל, דערנאָך מעג איך שוין שטאַרבן. ווייל ס׳איז מיר ליבער דער טויט פון שמשון הגבור, וואָס האָט געהאַט אַ ציל, דעם פון נקמה, ווי די לעמעשע קרבנות־גרייטקייט פון יצחק אָבינו, ווען ער איז געגאַנגען צו דער עקידה אָן אַ פאַרוואָס — באַווייז, גאָטעניו, און עפן מיר די אויגן... אָמן!...

דער „אָמן״ האָט אָפּגעקלונגען אַליין, קיינער האָט נישט מיטגעזאָגט.

דורכן קליינעם פענצטערל האָבן אָנגעהויבן פליען די תפי־לין. דער ערשטער האָט זיי אַרויסגעוואָרפן ר׳ הערשל.

— גענוג, גענוג!

— גענוג האָבן מיר געדאַוונט! זאָלן דאַווענען „זיי״!...

ר׳ הערשל איז אַנידערגעפאַלן אין אַן עפּילעפּטישן חלשות.

דער שווייס איז פון אים גערונען, קאַלטע טראָפּנס. די מענטשן האָבן אים אַוועקגעלייגט אין אַ ווינקל. דער געמורמל איז גע־וואַקסן אין וואַגאָן. די קולות האָבן אָנגעהויבן פון ס'ניי.

— וואָס וועט זיין מיט אונדז?

— וווהין פירט מען אונדז?...

די מענטשן האָבן זיך געוואַקלט ווי משוגעים. קינדער האָבן געוויינט. אַ פרוי האָט זיך געוואָלט מכין זיין און זיך נישט געפונען קיין אָרט.

ר' משה־לייזער האָט גערעדט ווי צו זיך. צוזאַמענגעבראָכן געקוקט אויף די אָנגעטשעפּעטע רצועות, וואָס האָבן זיך טעלע־בענדעט אויפן פענצטערל, פון די אַרויסגעוואָרפענע תפילין. ער האָט זיך צוגעקוקט צו די יידן פאַרצווייפלטע, דורשטיקע נאָך אַ טרייסט־וואָרט. ער האָט געפילט, אַז אויף אים ליגט איצט דער חוב זיי אַריינצוגעבן לעבן, בטחון צום עתיד.

— און אויך ווען מ'וועט אונדז אומברענגען, וועט דאָס שארית ישראל אַלץ בלייבן. נצח ישראל לא ישקר! מיר וועלן, קאָן זיין, אומקומען ווי ס'זענען אומגעקומען יידן הונדערטער יאָר פאַר אונדז. דעמאָלט האָט מען אויך פונקט ווי היינט, גע־וואָלט פאַרלענדן אונדז און ס'איז נישט געלונגען. ס'וועט אויך איצט נישט געלינגען... וויפל יידן מ'זאָל איצט נישט אומברענ־גען, וועט נאָך אַלץ בלייבן מער אין צאָל, ווי ס'איז געבליבן דעמאָלט; איז דאָך על אַחת כמה וכמה, אַז יידן וועלן זיין, אייביק וועלן זיי זיין... נאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון! יידן זענען געווען, זענען, און וועלן זיין, אויך ווען מיר דאָ און נאָך אַזעלכע וועלן אומקומען...

סערל איז געבליבן ווי אַן אָפּגעגאַרטע. צו ערשט האָט זי געפילט אַ טרייסט אין די טענות צו גאָט. געפילט די טרייסט פונעם גלויביקן און אומגלויביקן מיט אַמאָל. זי האָט זיך געזען אין דער מיט: צווישן דער תפילה פון ר' משה־לייזערן און ר' הערשלען; צווישן יאָ און ניין, צווישן גלויבן און אַפּיקורסות,

צווישן האָפנונג און יאוש· געהאָפט, געמיינט, און אָט איז גאָר־
נישט· דער צוג פאָרט זיין וועגס, וואָס טיפער, וואָס ווייטער·
מענטשן האָבן זיך געשפּייזט מיט גלויבן, געוואָלט פאַרזיסן די
ליידן פון לעבן ; און אויך איצט האָט זי געזען, אַז דאָס אַוועק־
וואַרפן די תפילין איז אויך געווען אַ געטלעכע עבודה· די זקנים
האָבן געגלייבט, אַז זיי טוען עמעצן עפעס אָפּ מיטן אַוועקוואַרפן
די תפילין· מ׳איז אַרומגעגאַנגען אין דער טונקלער בלינדענישי·
מענטשן האָבן אויסגעזען ווי אַן אויפגעבויט הייזל אין וועלעכן
מ׳האָט פאַרגעסן אַ לעמפל אָנצוצינדן· · ·

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איינער אַ דייטשער
שטאָט· אויפן וואָקזאַל איז געווען „יענעמס" בילד מיט די שוואַרצע
וואָנצעס, מיט די האָר אַריבערגעפאַלן איבערן רעכטן אויג· אויף
אַ טאָוול איז געווען אויפגעשריבן : „רעדער מוזן ראָלן פאַרן
זיג !"· · ·

## 11

דער ערשטער געדאַנק מיט וועלכן סערל האָט די אויגן געעפנט איז געווען: „נו, וועמענס ריי איז היינט?“. אַ יעדער טאָג האָט מיט זיך געברענגט נייעס; נייע נעמען אויפגע־שריבן צווישן דער שורה טויטע, אויף אין דעם פרימאָרגן האָבן עטלעכע העפטלינגען שוין נישט געציילט צווישן די עסערס. זייער ברויט פּאָרציע איז היינט פאַרבליבן פאַר די איבערגעבלי־בענע, פאַר די לעבעדיקע. אַזוי איז עס טאָג נאָך טאָג.

סערל האָט זיך אַרומגעקוקט. יאָ, דער באַראַק איז דער זעלבער. אַ שמוציקער לאָך, אַרגער פון אַ חזיר־שטאַל. דאָס קליינע שייבל איז פאַרשטעקט מיט אַ שמאַטע. אויף דער הוילער ערד ליגן די העפטלינגען צוזאַמענגעדרייט, ווי צעטרעטענע ווע־רעם. יאָ, אַלע, אַלע זענען זיי מתים־קאַנדידאַטן...

רעכטס פון איר, ווו ס'איז געלעגן שאַרי, דאָס מיידל פון בודאַפּעסט, איז דאָס אָרט שוין ליידיק היינט. נעכטן האָט מען זי אַרויסגעטראָגן. יאָ, זי איז אויך שוין נישטאָ. אַט אַזוי גייט עס מיט דער ריי.

אייערנעכטן האָט זי אַט אַ־דאָ, לעבן איר, געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און גערעדט פון היץ.

סערל האָט זי נישט געקאָנט פון פריער, נאָר דאָ, אויס־הערנדיק איר געשפּרעך מיט זיך אַליין פון היץ, האָט זי זיך

באַקאַנט מיט איר· זי איז געוואָר געוואָרן, אַז שאַרי איז גע־וועזן אַ בת־יחידה· איר פֿאָטער איז געוועזן אַמאָל, פֿאַר דער מל־חמה, דעפּוטאַט אין אונגאַרישן פּאַרלאַמענט· זי, שאַרי, איז גע־וועזן אַ כּלה· אין די לעצטע מינוטן פֿאַרן טויט האָט זי פֿאַנ־טאַזירט פֿון אים, איר חתן, גערעדט צו אים מיט צערטלעכע ווערטער· יאָ, זי האָט נעבעך פֿאַנטאַזירט: „דער אויטאָ איז שוין דאָ? איך פֿאָר קיין דעברעצין· איך פֿאָר אַהיים· איך פֿאָר קיין בודאַפּעסט!”· · ·

כאָטש סערל איז שוין געוווינט געוואָרן מיט אָט דעם אַלעמען, יעדן טאָג זעענדיק זיי אַלץ ווינציקער געוואָרן, דאָך איז איר עפּעס פּריקרע געווען דאָס לײַדיקע אָרט, שאַריס· זי האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען מיטן געדאַנק· ערשט נעכטן גע־לעבט און הײַנט· · · און הײַנט?· · ·

וואָס איז לעבן?

שטאַרבן· יאָ, שטאַרבן, שטאַרבן זיי דאָ אַלע גלײַך,· ווי מײַזלעך געפֿאַנגענע אין אַ דראָטענעם מײַזל־כאַפּער· יאָ, מײַז, טויטע מײַז און נישט מער· און ווען זיי האָבן געלעבט?

סערל האָט פֿאַר זיך דערזען איר לעבן פֿון קריק מיט יאָרן, אין מאַראַמאָרעשער שטעטל, ווען זי האָט קיין אַרבעט נישט גע־האַט· דער פֿאָטער איז אַרויסגעפֿאַלן פֿונעם האַנדל, זיך נישט געקאָנט צושלאָגן צו קיין שום מסחר· געלעבט האָבן זיי דעמאָלט פֿון דעם נישטיקן פֿאַרדינסט וואָס ס'האָט אַרײַנגעברענגט דער דאָמינאָ·

סערלען האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז זי הערט ווי די דאָמינאָ־שטיינער קלאַפּן אויפֿן טיש, מ'שפּילט· ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט זעט זי זיי אַצינד די שפּילער בײַ זיי בײַם טיש· אָט זיצט שלום, יאַנקל, ברוך און געאָרגע· געאָרגע וואָס קוילעט די חזירים בײַ די פּריצים און דאָ רעדט ער יידיש בײַם שפּיל·

דאָס איז געווען דער פֿאַרדינסט·

מ׳האָט יעדן פערטן קאָן אַראָפּגענומען אַ לייַ פונעם שפּיל.

ס׳איז געווען, דערנידעריקנד, בפּרט אַז לייבי איז געווען ביי זיי און האָט דאָס צוגעקוקט, איז עס געווען אַ ווייטיק פאַר איר. ס׳איז איר געווען אַ בושה.

דאָס איז געווען איר לעבן.

איז כּדאַי אַזאַ לעבן נאָכאַמאָל אָנצוהויבן?...

אָט איז די־אַ חברטע לעבן איר, שאַרי, געווען פון גאָר אַן אַנדערער וועלט. געוווּסט פון גאָר אַן אַנדער לעבן, אַן אַנדערס פון איר — און געשטאָרבן. ווי פּריקרע דאָס איז. לעבן, געלעבט אַזוי פאַרשידן איינע פון דער אַנדערער; איז דאָך איר לעבן געווען אַזוי ווייט פון אַזאַ לעבן וואָס ס׳האָט געלעבט, למשל, שאַרי, ווי הימל צו ערד און דאָך איז דאָ דער טויט אַזוי אויסגלייכנדיק, אַזוי איינציק, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

אָט דער געדאַנק איז עלול געווען נאָך צו פאַרגרעסערן דעם יאוש, אָפּצושוואַכן דעם לעבנס־ווילן, אָן וועלעכן זי וואָלט עס גאַנץ זיכער נישט אויסגעהאַלטן. זי האָט געזען. די וואָס האָבן פאַרלוירן דעם ווילן צום לעבן, די זענען נישט איבערגעווען דעם מעת־לעת. זיי האָבן זיך אויסגעטאָפּעט, די שאָטנס פון מענטשן, ווי ס׳טאָפּעט זיך אַ חלבן לעכט אין דער היץ. דאָס איינציקע וואָס האָט זי אויפגעהאַלטן איז געווען · דאָס קליינע, עקשנותדיקע ווילנדל צום לעבן. צי איז כּדאַי אַזאַ לעבן אָנצוהויבן פונסניי?! און אפשר טאַקע וואָלט זי אַזוי שטאַרק געוואָלט אָנהויבן פונסניי, ווייל ס׳וועט נישט זיין מער דאָס וואָס ס׳איז געווען. ס׳וועט זיין אַ לעבן אַ נייס, אַ נייס, וואָס וועט ברענגען זון און פרייד אויך אין איר ווינקל...

זי האָט געוואַרט ס׳זאָל עפּעס געשען, אַן ענדערונג, עפּעס וואָס זאָל אַ דריי טון אַנדערש דאָס „רעדעלע" פון איר לעבן, ווייל זי האָט געפילט, אַז אויב דרייט זיך עס אַזוי ווייטער — איז זי מאָרגן־איבערמאָרגן צווישן יענע וואָס רויכערן זיך דורכן הויכן קוימען...

זי האָט געפילט אַז ס׳וועט געשען, ס׳קאָן׳ זאָל איר גאָר געלונגען מיטצופאָרן מיט דעם טראַנספּאָרט, וואָס פירט אַוועק עטלעכע טויזנט העפטלינגען אין אַ נייעם לאַגער, דעמאָלט איז זי אַ געראַטעוועטע׳ זי וועט אַרויס פון דעם שמוץ, פון דאָ, וועט זי לעבן, איבערלעבן׳ זי וועט גובר זיין, יאָ, נאָר אַרויס פון דאָ, פון דעם טויטן־גרוב׳

זי מוז איבערלעבן, ווייל זי וויל׳ זי וויל נאָך איין מאָל לעבן, ווייל זי האָט איין מאָל שוין „נישט געלעבט״׳

יאָ, זי וועט לעבן, לעבן —

זי איז געווען כמעט איבערצייגט, אַז ווער ס׳וויל לעבן, מוז לעבן בלייבן׳

## 12

די שורה העפטלינגען איז געשטאַנען פאַרן אַריינגאַנג צום בית־הכסא, ווו ס׳איז געווען עטלעכע און צוואַנציק לעכער. מ׳האָט געדאַרפט וואַרטן אויף דער ריי. די צייט איז געווען באַשרענקט און די מענטשן — טויזנט מיט עטלעכע הונדערט.

דאָס מאָל איז מען געווען נאָך מער געאיילט. די בלאָקעלטסטע זענען אַרומגעלאָפן אין לאַגער שרייענדיק, אונטעריאָגנדיק, מ׳זאָל חלילה נישט פאַרשפעטיקן. ס׳איז אַ גרויסער טאָג היינט.

די גאַנצע שורה האָט שוין געוווּסט. יעדע גרופּע האָט שוין גערעדט פון דעם נייעס. זיי האָבן געזען גאַנצפרי, ווען דאָקטער מענגעלע איז אַריינגעקומען אין קראַנקן־בלאָק, זיך אויסגעצויגן נאָך לענגער ווי תמיד און מיט חניפהשער העפלעכקייט זיך געלאָזט הערן:

— מיינע ליבע, העפטלינגע, ווער ס׳איז קראַנק, זאָל זיך מעלדן — וועלן מיר אים שיקן אין סאַנאַטאָריע; ווער ס׳איז געזונט — איז צו וואָס זאָל ער זיך דאָ אָנברענגען אומזיסט די צייט?

פאַר סערלען, ווי פאַר אַלע, איז עס שוין נישט געווען קיין נייעס. זי האָט שוין געוווּסט וואָס דאָס באַטייט. באַלד וועט מען זיי הייסן אויסטון, און נאַקעט ווי די מוטער האָט זיי געהאַט,

וועלן זיי אַדורכמאַרשירן פאַר מענגעלען. זי האָט עס שוין מיט־געמאַכט אַזאַ דאָקטער־וויזיט. מענגעלע שטייט אין אַזאַ צייט, קוקט זיך צו צו די אויסגעדעוועטע, דאַרע פרויען־קערפּערס, סקעלעטן, נאַקעטע אָפּגעשאָרענע קעפּ. די ברוסטן איינגעפאַלענע ווי ליידיקע בייטעלעך, גרויסע בייכער און אויסגעשפּיצטע געזעסן. אַ ציניש שמייכעלע צעגיסט זיך איבער זיין פּויערעש, פעטן גע־זיכט, און פון מאָל צו מאָל וואַרפט ער אַריין אַ וואָרט, אַ באַ־מערקונג, אַ באַפעל. אַן אורטייל און אַ חוזק־ווערטל אויפן חשבון פון די קוים לעבעדיקע מתים־קאַנדידאַטן.

— לינקס, לינקס! איר הערט נישט וואָס מ׳רעדט צון אייך ?!...

— קוק נאָר, קוק! די האָט ברוסטן ווי די יידישע ווע־נוס... איר האָט נישט געהערט פון דער יידישער ווענוס? עס־טראַ... ע־ס־ט־ע־ר־אַ... האַ־האַ־האַ!

— לינקס, לינקס! איר זענט יאָ קראַנק, פאַר וואָס ווילט איר נישט גיין אין סאַנאַטאָריע ?

די עפּטלינגען, קראַנקע, האָבן זיך באַמיט צו גיין גלייך, נישט צו וואַקלען זיך. אויסצוזען געזונט. צו גיין „רעכטס״ — אין אַן אַרבעטס־לאַגער. „לינקס״ — דאָס האָט שוין איעדער געוווסט, דאָס איז רויך, אין קרעמאַטאָריע אַריין. מענגעלעס „לינקס״ איז געווען אַ טויט־אורטייל. ביי מענגעלען האָט עס געהייסן אַ קורירט־אָרט, אַ „סאַנאַטאָריע״.

און צומאָל האָט ער אונטערגעזונגען אַ רוסיש לידל „עי הוכניאָם״. דערמיט האָט ער געוואָלט אידענטיפיצירן די יידישע קרבנות זיינע מיט די רוסישע באַלשעוויקן. קיין אַנדער רוסיש לידל האָט ער נישט געקאָנט, האָט ער צוגעברומט, בשעת די נאַקעטע פרויען האָבן שפּאַצירט פאַר אים.

— הע־עי הוכ־ניאָם!

— הע־עי הוכ־ניאָם!

דאָס האָט געוואָלט זיין אַ מין ליצנות: יאָ, מיר ווייסן אַז

אַלע יידן זענען באָלשעוויקעס, נאָר מיר קענען אויך רוסיש, די רוסן זענען היינט אונדזערע...

מיט אַמאָל האָט סערל באַמערקט אַ געזיכט, אַ באַקאַנטס. דאַכט זיך, יאָ, נאָר זי קאָן זיך נישט דערמאַנען, ווי רופט מען זי?...

צווישן דער שורה קעפ מיידלעך, אָפגעשווירענע, האָט זי דערבליקט אַ קיילעכדיק געזיכט. יאָ, ס'איז ריזל, איר קוזינע. זי לעבט?!

זי האָט זיך אַדורכגעשטויסן צווישן די מיידלעך, זיך צוגעשאַרט צו רייזלען. זי האָט זי דערזען, איז ווי גלייך זי וואָלט געזען אַ שטיק וועלט, פון דער אַלטער, אין דער היים. רייזל איז פאַר איר איצט געווען נישט אַ מיידל סתם אַזוי, אַ קוזינע צי אַ חברטע, זי איז געווען אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, ווען מענטשן זענען נאָך „מענטשן" געווען.

זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— רייזל, דו לעבסט?

— סערל, דו?!

— וואָס טוסטו דאָ?

— איך בין שוין דריי חדשים דאָ. און דו?

— איך אויך דריי.

— און זיך נישט באַגעגנט ביז איצט — און דאָ אין אַכטריס!... איך האָב נישט געגלייבט, סערל, אַז דו לעבסט נאָך.

— פאַר וואָס האָסטו נישט געגלייבט?

— איך האָב דיך געקאָנט פאַר איינער, וואָס זעט שוין פון לאַנג נאָך דאָס לעבן ווי אַן איבעריקע זאַך, איז פאַרשטייסטו מיך — ווי זאָל איך זאָגן? — דאָ לעבן שוין נישט אַזעלכע. דאָ לעבן נאָר די וואָס רייסן זיך מיט אַלע געוואַלט צום לעבן, מיט די נעגל — מ'דאַרף האָבן אַן אייזערנעם ווילן...

— יאָ, רייזעלע ליבע, אַזוי איז עס. איך האָב אויך נישט געגלייבט קיינמאָל, אַז איך, וואָס בטבע בין איך געווען אַזאַ פעסימיסטן, וועל דאָ, אין דעם טינוף, אין דעם לעבעדיקן בית־הקברות מיט אַמאָל ליב באַקומען דאָס לעבן, אויף וועלכן איך וואָלט פריער געשפּיגן. יאָ, איך האָב זיך געביטן.

— ווען האָסטו נאָך פון דייניקע?

— פון מייניקע? כ'ווייס נישט. אפשר איז נאָך דאָ עמעצער, אפשר לעבט נאָך עמעצער פון מייניקע ערגעץ אין אַן אַנדערן לאַגער? פון קיינעם ווייס איך נישט און דאָך וויל איך לעבן. אַזוי איז עס שוין: ווי נענטער דער מענטש איז צום טויט אַלץ טייערער איז אים דאָס לעבן. מיר איז דאָס לעבן היינט טייערער ווי כ'האָב מיר געקאָנט אַמאָל פאָרשטעלן. יאָ, כ'וויל איבערלעבן, פאַר יעדן פרייז וויל איך איבערלעבן. איך וויל דערלעבן יענעם טאָג, ווען אונדזערע שונאים וועלן די מפלה האָבן... האָסט געהערט, רומעניע איז אויפגעשטאַנען קעגן די „אַשכּנזים"? יאָ, ס'שמועסט זיך אין גרויסן.

— די רויטע זענען שוין אין רומעניע?

— זענען שוין אין סיגעט, די רויטע. יאָ, רייזעלע, גאָר בקרוב וועלן מיר אויסטון דעם געלן מגן־דוד און איבערלאָזן „אויסשוויץ", זאָל מענגעלע „שוויצן" אינעם לאַגער. מיר וועלן אַהיים גיין... דאָס איז נאָך דער איינציקער ווילן מיינער: אַהיים, אַהיים. איך זאָל מיך ווייזן, אַט בין איך שוין געווען ביים רוח אין די ציין, ווי מ'זאָגט, און דאָך בין איך דאָ. איך לעב, איך בין צוריק געקומען...

ווען זי האָט גערעדט, סערל, האָבן איר די אויגן געבלישטשעט. זיי האָבן זיך געבאָדן אין טרערן, טרערן פון האָפנונגדיקער פרייד.

— ווען וועסטו עס ווייזן, וועמען? ווער, מיינסטו, וואַרט אויף אונדז? צי מיינסטו, אַז מ'קוקט נאָך אונדז אַרויס עמעצער, מ'זופט אונדז מיט לעכט?...

— כ'ווייס עס. נאָר דאָ, אינעווייניק, אין האַרץ ביי מיר — סערל האָט געוויזן מיטן פינגער אויפֿן האַרץ — פֿיל איך דאָך, אַז דאָס וועט זיין דער גליקלעכסטער טאָג, ווען איך וועל אַהיימקומען.

סערל האָט עס איר נישט געקאָנט זאָגן, אַלעס וואָס זי האָט געפֿילט. זי האָט געזוכט ווערטער און נישט געפֿונען פֿאַר דעם קיין נאָמען. וואָסערע מאָטיוון דאָס לעבן זוכט זיך אַליין אַרויס, תירוצים צו נאַרן דעם מענטש. נו טאַקע, ווען וועט זי וויסן „אַז זי איז געקומען", לייבין? ווער ווייסט ווו ער שלאָגט אָן?

צי אפשר וויל זי זיך ווייזן פֿאַר די, וואָס האָבן געקוקט גלייכגילטיק ווען מ'האָט די יידן פֿאַרפֿירט און זיי האָבן דעמאָלט נישט געלאַכט און נישט געוויינט? ...

— יאָ, דאָ אין בית־הכּסא דאַרף מען באַטראַכטן דאָס לעבן. דאָ איז עס אינטערעסאַנט. פֿיל אינטערעסאַנטער ווי אין דער היים.

— איך ווייס איבערהויפּט נישט מיט וואָס ס'איז ביי דיר אַזוי אינטערעסאַנט. דאָ איז מען אַ בהמה... ס'איז דאָך פּשוט: אַז מ'עסט ווי אַ בהמה, מ'שלאָפֿט ווי אַ בהמה, מ'גייט אַרויס ווי אַ בהמה — איז טראַכט מען ווי אַ בהמה, ווי אַ צוויי פֿיסיקע בהמה...

...זיי האָבן זיך שוין נישט צוטיילט. איינעם זענען זיי שוין געגאַן.

ביידע האָבן זיי אַדורכמאַרשירט פֿאַר מענגעלען. אויסגע־צויגן, מיליטעריש מיטן קאָפּ אַרויף, צו ווייזן זיך „געזונט", „טויגלעך".

ביי סערלען האָט עס אַ כאַפּ בֿיים האַרצן, גלייך עמעצער וואָלט איר מיט אַ צוואַנג די ברוסט איינגעביסן, ווען מענגעלע האָט זי אַדורכגענומען מיט זיינע רוצחישע בליקן. האָט געוואָלט דאַכט זיך עפּעס זאָגן און —

סערל האָט זיך געוווּנדערט: איצט האָט זי פּאַר זיך אָט די מערדער און איר ווילט זיך מערער „נקמה" נעמען אָן יענע וואָס האָבן נישט געשמייכלט און נישט געקריצט מיט די ציין, נאָר געקוקט גלייכגילטיק ווי מ׳פירט אַוועק די יידן... אפשר האָבן זיי געטראַכט אויף די איבערגעבליבענע פאַרמעגנס?...

יאָ, די בעסטע „נקמה" וועט זיין, אַז זי וועט זיך צוריק קערן. זי וועט קאָנען ווייזן —

זיי זענען אַדורך. רעכטס. זענען אַוועק אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

## 13

באַלד אינדערפרי האָט זיך עס נאָך אָנגעהויבן.

אמת, די בלאָק־עלטסטע האָט די מענטשן אויפגעוועקט, אַרויס־געפירט צום אַפּעל, אָבער מ׳האָט תיכּף געזען אַז ס׳איז נישט דאָס וואָס ס׳איז געווען. אַן אַנדערט מאָל האָט מען געדאַרפט אָפּשטיין ביים אַפּעל אויך אַ שעה; האָט עס געמעגט רעגענען, שנייען — איז מען געשטאַנען.

דאָס מאָל האָט זיך עס געענדיקט אויף דער גיך. דער שטורם־פירער איז בלויז דורכגעגאַנגען מיט געמאַכטער איילעניש, גלייך ער וואָלט געוועזן מיט עפּעס אַנדערש פאַרנומען. די העפטלינגען האָבן עס באַמערקט. זיי האָבן געזען, אַז די קולות פון די פלי־מאַשינען זענען היינט אַנדערש און דאָס פאַרנומענקייט פון דער וואַך איז אויך אַנדערש היינט; אַלעס איז אַנדערש, אַלעס. אַפילו דער הימל איז היינט טיפער, בלויער ווי אַן אַנדערט מאָל. די זון, די אָנהויב־מאַיקע לוסטיקע, האָט היינט געשמייכלט אויך די גרויע מענטשן מיט די בלייכע געזיכטער, וואָס האָבן פאַרגעסן שוין ווי־אַזוי ס׳זעט אויס אַ טאָג אַ זוניקער, אַ יום־טובדיקער.

אויף די געזיכטער פון די עס־עס־לייט האָט מען אַראָפּגע־לייענט, אַז עפּעס איז געשען. די העפטלינגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו שושקען.

— וואָס איז היינט עפּעס דער מער?

— עפּעס האָבן די „אשכנזים" אַראָפּגעלאָזט די נעז...

— ס'איז זיי אַריין פליי אין דער נאָז!...

— האָסט געזען די פראַנצויזישע העפטלינגען? זיי האָבן אויך עפּעס דערשנאַפּט.

און אין דער אמתן האָבן טאַקע די פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע דערשנאַפּט עפּעס. מאַראַ, דער וואָס האָט זיך ליב געהאַט צו חברן מיט די יידישע מיידלעך, האָט דערפאַרן ערגעץ דאָרט אין דער פאַבריק ווו ער האָט געאַרבעט, אַז היינט צוויי אַזייגער טרעט איין די אָפיציעלע קאַפּיטולאַציע. די דייטשן האָבן קאַפּיטולירט. אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט פאַרשידענע מענטשן, פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן מיט פאַרשידענע פאַרבינדונגען. און ס'האָט געהייסן, אַז ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער פאַבריק איז געווען אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. אַזוי אַרום האָט זיך פאַרשפּרייט פון מאָל צו מאָל אַ נייעס, אַ פראָנט־באַריכט.

מאַראַ האָט דעם סוד נישט געקאָנט באַהאַלטן. ער איז געקומען פון דער שטאָט מיט פולע טאַשן טשאָקאָלאַד, אויסגעטיילט די מיידלעך און אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין דעם „סוד".

— ס'זאָל צווישן אונדז בלייבן...

— נאָר ד י ר זאָג איך עס...

— לעת־עתה טאָר מען קיין טומל נישט מאַכן, — די דייטשן קאָנען אונדז נאָך אויסשיסן...

דער סוד האָט זיך אָבער דאָך פאַרשפּרייט. די לופט איז געוואָרן געדעכט, פאַרטייבט פון קולות, פון געלעכטער און געוויינען פון פרייד. די שמחה איז געוואַקסן. די מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, זיי האָבן געטומלט, גערעדט פון עלטערן, אַ שוועסטער, אַ ברודער. מענטשן דערוואַקסענע האָבן זיך דערזען מיט אַמאָל קינדער, מיט קליינע השגות, מיט קליינע פּרעטענציעס — פאַר גרויסער פרייד. מענטשן וואָס זענען געווען, דאַכט זיך, אַנטשלאָפן אַ יאָר אין די אַרבעטס־לאַגערן, האָבן

זיך אויפגעוועקט· זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן הויך, זינגען און לאַכן· זיי האָבן אָנגעהויבן, אַזוי אין דער שטיל נאָך, צו לעבן·

סערל האָט זיך געוווּנדערט אויף זיך אַליין· וואָס איז עס געשען מיט איר? אַזויפיל צייט איז זי געווען צווישן די אייב־ציקע, מונטערע, מיט אַ שטאַלענעם ווילן צום לעבן און היינט, היינט איז זי דאַכט זיך אַן אַנטוישטע· יאָ, נאָר אַדאַנק דעם שטאַרקן ווילן איז זי דאָך לעבן געבליבן און אויסגעהאַלטן די אַלע איבערקומענישן· איז זי דאָך פון פריער, קריק מיט יאָרן, געווען אַ קראַנקע· געזונטערע פון איר האָבן עס נישט אויסגע־האַלטן· זי, זי האָט עס אויסגעהאַלטן, יאָ, ווייל זי האָט גע־וואָלט לעבן· געוואָלט דערלעבן דעם טאָג ווען זיי וועלן באַפרייט ווערן· נו, אָט זענען זיי פריי, זי האָט עס דערלעבט און··· וואָס האָט מען? זי האָט זיך צוגעקוקט ווי אַנדערע האַלדזן זיך און קושן זיך פאַר פרייד, און ס'האָט איר אויסגעקוקט מאָדנע· פאַר וואָס? האָט זי דאָך אויך געחלומט פון דעם טאָג, ווען ער וועט אָנקומען, וועט זי טון אַזוי און אַזוי — זי וועט זיין גליקלעך· און היינט?

אַ חברטע האָט זי אָפּגעשטעלט·

— סערל, וואָס איז עס מיט דיר, דו פרייסט דיך נישט?

— וואָס הייסט נישט? כ'פריי זיך גלייך מיט אַלע·

— גלייך מיט אַלע? דאָס זעט זיך נישט אויף דיר·

— אָט וואָס, כ'פריי זיך גלייך מיט אַלע, נאָר מיט מיר, דאַכט זיך, געשעט פונקט דאָס פאַרקערטע ווי מיט די אַנדערע· יענע האָבן פאַר פרייד פון דער בשורה צוריק באַקומען זייער לעבעדיקייט, זענען מונטערער, יונגערער· איך, ווידער, האָב פאַר־לוירן יענעם לעבנס־ווילן, וואָס האָט מיך געשטאַרקט און אויס־געהאַלטן· איך בין ווידער די זעלבע וואָס כ'בין געווען פאַר דער מלחמה· די „אַלטע", דאָס ערנסטע קינד··· איך וויל זיך פרייען צוגלייך מיט אַלע אָבער ס'נעמט זיך נישט צו מיר· כ'פיל זיך

פרעמד, גלייך נישט מיך מיינט מען· איך קוק זיך צו צו דעם אַלעם ווי אַ גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה·

— וואָס טויגן די פילאָזאָפיעס ? אָט איז מאַראַ· ער הענגט שוין אַרויס אַ רויט פענדל אויפן בלאָק·

— דאָס איז נישט קיין פילאָזאָפיעס, דאָס איז אַ פשוטער חשבון, אַ מאַטעמאַטישער· · ·

דו מיט דיין מאַטעמאַטיק ! · · ·

— ניין, נישט מיט „מיין מאַטעמאַטיק”· זאָלסט וויסן אַז אַזוי איז עס· מיר זענען באַפרייט געוואָרן· מיר קאָנען זיך פרייען, אָבער מיט דעם איז נאָך נישט אַלעס געענדיקט· געענדיקט האָט זיך נאָר איין קאַפּיטל, און ס'וועט זיך אָנהייבן אַן אַנדערס, אַ צווייט קאַפּיטל· · ·

אַרום מאַראַן האָט זיך אַרומגעזאַמלט אַ רעדל מענטשן· ער מיטן רויטן פענדל אין די הענט און דער שטורמפירער האָמ־פערט זיך, אַז באַשר ס'איז נאָך נישט צוויי אַזייגער און מ'האָט „נאָך נישט” דאָס רעכט אַרויסצוהענגען דעם רויטן פאָן· די קאַפּיטולאַציע טרעט אַריין נאָר פון צוויי אַזייגער·

— אָט איז די דייטשע פּונקטלעכקייט — צוויי אַזייגער ! באַלד וועל איך אייך ווייזן די רעכט ! · · ·

דער עולם אַרום מאַראַן האָט געלאַכט אַ ברייט געלעכטער· מאַראַ האָט אַליין נאָך נישט געקאָנט זיך איינשטילן :

— נאָך נישט צוויי אַזייגער· די קאַפּיטולאַציע איז נאָך נישט איינגעטרעטן· · · האַ־האַ־האַ ! קומט יידן, זאָל לעבן די פרייהייט ! · · · אַ טויט דעם פאַשיזם !

סערלען האָט זיך אַרויסגעריסן ווי פון זיך :

— אַ טויט דעם אַנטיסעמיטישן פאַשיזם !

— זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק !

— זאָל לעבן סט־אַ־ל־י־ן ! · · ·

די מאַסן האָבן געיובלט און סערל צווישן זיי·

# 14

בערל איז געזעסן אין צוג, וואָס האָט זיך געגרייט שוין מער ווי אַ האַלבן טאָג אַדורכצומאַכן די רייזע קלוזש־אָראַדעאַ. געוואָרט דער צוג זאָל שוין ענדלעך אַמאָל זיך אַ טרייסל טון און זיך לאָזן לויפן, אַהין, נעענטער צון איר היים, אין יענער ריכטונג, וווּ זי האָט שוין נישטאַמאָל געחלומט צו זיין.

קלוזש. געווען אַ לייטישער באַנהויף פאַר דער מלחמה. אַ היימישער, מ׳קאָן זאָגן אַ פּריינטלעכער. היינט, אין ניינצן פינעפאונפערציקער יאָר, נאָך דער מלחמה, איז דער באַנהויף געווען נישט מער ווי אַ בית־עלמין אין וועלכן די מצבות זע־נען אומגעפאַלן און מ׳דערקאָנט נישט די מחיצה פון קבר צו קבר. די געביידעס זענען געבליבן סקעלעטן אַרום וועלכע ס׳ליגן הויפנס ציגל מיט קאַלעכדיקן שטויב. און ס׳דאַכט זיך אַז אַ פאַרבייפאָרער וואָס קומט אָן אַהער, טוט אַ קוק און פאָרט ווייטער. גייט נישט אַמאָל אַריין אין שטאָט.

אין וואַגאָן איז געווען פינצטער. די מלחמה האָט איבער־געלאָזט די וואַגאָנען אי אָן לאָמפּן אי אָן שויבן. איז אין וועל־כע פענצטער געווען אַ ברעטל, צוויי און אין וועלעכן אַ פרייער אַריינגאַנג פאַרן קילן אָסיענדיקן ווינט וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די קערפּערס פון די פּאַסאַזשירן.

די באַנסלייט זענען אַרומגעגאַן מיט די פאַררייכערטע לאָמ־טערנס אין די הענט, פון איין עק צוג צום צווייטן. איינמאָל פאַרזיכערט אַז אָט־אָט פאָרט אָפּ דער צוג און איינמאָל אַרויס־געזאָגט דעם אמת, אַז מ׳ווייסט נישט לעת־עתה, הגם ס׳איז שוין האַלבער נאַכט, גענוי די שעה ווען דער צוג וועט אָפּפאָרן.

סערל האָט זיך געמאַכט פאָרוואורף: צו וואָס האָט זי גע־דאַרפט מאַכן אָט אַ־דעם וועג, זוכן באַקאַנטע, אויפן סמך פון „זאָגעכצער״? געדאַרפט גלייך אָפּפאָרן, ווי זי איז נאָר אַריבער די אונגאַרישע גרענעץ, פון אַראַד קיין אָראַדעאַ און קיין סיגעט...

דער וואַגאָן איז געווען פול געפּאַקט מיט פאַרשידענערליי מענטשן: מיט רומענישע סאָלדאַטן וואָס פאָרן אויף אורלויב, פּויערטעס וואָס פאָרן צוריק אין דאָרף נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרקויפט די עופות: אונגערן וואָס קערן זיך צוריק אין דער טראַנסילוואַנישער הייב: רוסניאַקן פאַרשטעלטע אין סאָוויעטישן או־ניפאָרם, כדי צו האָבן צוגאַנג צו אַלעמען, יידישע יינגלעך און מיידלעך וואָס קערן זיך צוריק פון בעלזנער לאַגער: אַ געמיש פון געמיטן, אַן ערב־רב: קודם האָט אַלעס גערעדט, געפּלאַפּלט יעדער אויף זיין לשון, אויף רומעניש, אונגעריש, רוסניאַקיש און יידיש: דערנאָך איז שטילער געוואָרן: טייל האָבן איינגעדרימלט, אַנדערע זענען מיד געוואָרן פון לאַנגווייל, זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן: אַזויפיל די עטלעכע יידישע יונגע צוואָנציק יעריקע יינגלעך און מיידלעך הערט מען נאָך שעפּטשען, לאַכן און זיך קושנדיק מיט אַן אָפּקלינגענדיקן צמאָקען.

יונגע יידישע מיידלעך זענען צוריקגעקומען פון יענער וועלט: האָבן זיי געוואָלט לעבן, לאַכן, פרייען זיך הגם ס׳איז נישט אַזוי פריילעך געווען: געוואָלט לוסטיק זיין — כאָטש ס׳איז נישט געווען פאַר וואָס.

סערל איז געזעסן לעבן אַ יונגן אונגאַר, נישט קיין יידן; זי האָט זיך באַקענט מיט אים אָט אַ־דאָ אין וואַגאָן, דערקאָנט

אין אים אַ לייטישן בחור, וואָס האָט איר געהאָלפן זיך אַוועק־זעצן, אַרויפּלייגן אירע זאַכן אויף דער פּאָליצע. האָט זי זיך באַזעצט לעבן אים צו פאָרן אונטער זיין השגחה, ווייל זי האָט דערקאָנט אין אים, אַז ער, ווי ס׳ווייזט אויס אַן אַרבעטער, איז פריינטלעך צו איר. ווייל ער האָט געוווּסט אַז זי קומט אַצינד פון דייטשער פאַרשיקונג, און ס׳קאָן זיין אַז ער פילט זיך שולדיק אין דעם. ער אַן אונגאַר — זי אַ יידישקע. זי האָט דער־ציילט פון אירע איבערלעבענישן אין דייטשן לאַגער און ער האָט אויסגעהערט, אויסגעהערט און אָפּגעשיקט פון מאָל צו מאָל אַ קללה, אי די דייטשן אי די אונגערישע זשאַנדאַרן, וואָס האָבן געהיט דעם יידישן געטאָ איידער מ׳האָט זיי פאַרשיקט קיין דייטשלאַנד.

דערנאָך האָט זי אויך געשוויגן, סערל, און געקוקט אַזוי פאַרטראַכט אין טונקלען חלל פון וואַגאָן. אירע מחשבות, פאַר־פּלאָנטערטע, האָבן זיך געבאַמבלט אַזוי אומגעסדרטע, צעריסענע. זיי האָבן געוואָלט, די מחשבות, ציען אַ פאָדעם פון אַט דעמאָלט אָן, ווען מ׳האָט זיי, די קינדער, אָנגעפּאַקט אין וואַגאָנען און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד, ביז איצט צום געלעכטער פון אירע אומבאַקאַנטע חברים און חברטעס, וואָס פאָרן אָט אַ־דאָ מיט איר אין וואַגאָן.

און הגם זי איז דאָך שוין געוווינט געווען דערמיט, איז עס איר דאָס מאָל אויסגעקומען טשודנע, דאָס צופיל לעבעדי־קייט, דאָס צמאַקענדיקע קושן זיך פון די ייִנגלעך און מיידלעך לעבן איר.

זי האָט זיך פאַרטראַכט צו דערגרונטעווען די סיבה : איז עס דער רעזולטאַט פון די אַזוי פיל יאָרן געצוימטקייט פון די פרומע עלטערן, וועמעס עול זיי פילן שוין היינט נישט, זענען זיי איבערגעגאַן צום אַנדערן עקסטרעם, וואָס גרענעצט זיך מיט אויסגעלאַסנקייט ? . . .

צי איז עס לייכטזין פשוטער, קינדערישער און אפשר אויך

קרענקלעכער ; וואָס איז דען דער חידוש ? ! און אין געדאַנק ביי איר האָט אויפגעראָלט דאָס בילד ווען זיי האָבן, פונקט מיט אַ יאָר צוריק, נאַקעטע אָפגעשאָרענע אַדורכמאַרשירט פאַר מענ־געלען...

אינסטינקטיוו כּמעט האָט זי אַדורכגעגלעט מיט די פינגער פון איר רעכטער איבערן נומער וואָס איז געווען אויסטאַטואירט אויף איר לינקער האַנט, און כאָטש זי האָט אים אין דער פינצטער נישט אָנגעזען, האָט זי אים געלייענט פון זכרון : „A צוועלעף, נול, צוויי און זיבעציק"...

יאָ, ס'איז אַ קרענקלעכס, דאָס לוסטיק זיין פון די יינג־לעך און מיידלעך, האָט זי געהאַלט באַהויפּטן. ס'איז דער רע־זולטאַט פון אַ יאָר אומדערטרעגלעכע איבערלעבענישן. פיזישע אָפּגעשוואַכטקייט און מאָראַלישע פוסטקייט. זיי לעבן אויך אַן אַנדערער וועלט. זיי זעען אַנדערש מיט זייערע אויגן, הערן אַנ־דערש און פאַרשטייען אַנדערש דאָס לעבן. דאָס לעבן וואָס האָט מיט זיי געלערנט אַנדערש ווי געוויינטלעך, אַנדערש ווי ביי „מענטשן"...

און ס'קאָן זיין, אַז זיי טוען עס האַלב באַוווסטזיניק און דער אינסטינקט העלפט זיי נאָר צו. זיי ווילן זיך איינמאָנען דאָס נישט געלעבטע. זיי ווילן זיך פאַרגעלטיקן פאַר די אַזוי פיל ליידן וואָס זיי האָבן געליטן. איז קושן זיי זיך, צמאָקען אויפן הויכן קול, ווייל דאָס לעבן דאַכט זיך זיי אויס צו קורץ, מוז מען זיך איילן, אויסנוצן די צייט.

זיי רעכענען זיך נישט מיט קיינעם. קיינער עקזיסטירט נישט פאַר זיי, ווייל אָט־אָט האָבן זיי אויך שוין נישט עקזיס־טירט פאַר קיינעם.

און זי האָט זיך דערמאָנט, אַז וויפל מאָל האָט זי דאָרט אין לאַגער חרטה געהאַט, וואָס זי האָט געלעבט אַזוי צוריק־געצויגן פון יינגלעך. וויפל מאָל האָט זי זיך פאַרגענומען, אַז אויב זי וועט אַמאָל ניצול ווערן וועט זי לעבן אַנדערש, ווען

אויך הפקרדיק ?... נו־יאָ, אַצינד טראַכט זי שוין ווידער אַנדערש. נו, איז עס זי, איינע מיט געצוימטע געפילן, אָדער יענע דאָרט פון דער צווייטער באַנק לעבן איר אין וואַגאָן, טראַכטן נאָך אפשר אַלץ אַזוי וועגן לעבן, אויך היינט.

און ווער ווייסט, ווער גערעכט איז ? סערל האָט אויף אַ ווײַלע אַ טראַכט געטון, אַז זי האָט נישט קיין רעכט צו פאַר־אורטיילן זיי, די חברטעס אירע. ווײַל — ווער קאָן אורטיילן איבערן לעבן, אויף וועלכן מ׳איז קיין באַלעבאָס נישט ?...

...סערל האָט נישט געהערט ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געזעגנט פון קלוזש מיט אַ פייף און זיך גענומען ציען, פויל, ווי אַ וואָרעם. געפאָרן צעשטייט, הוידענדיק. זי איז אָנ־דרימלט געוואָרן. לעבן איר האָט געוואַכט דער אונגאַרישער בחור. אָן וועמען זי האָט זיך אָנגעלענט דעם קאָפּ. ער איז געזעסן ווי פּאַראַליזירט, זיך נישט גערירט, כדי זי נישט אַדורכצוּוועקן.

# 15

חורבה־איין — חורבה־אויס איז געשטאַנען אַן איינגעהויקערט הייזל· אַ יידיש הייזל· גלייך אַ מבול וואָלט עס אָנגעטראָגן, פון ערגעץ ווייטע מרחקים און עס געלאָזט אַזוי, אויף גאָטס באַראָט, פאַרלאָזן פון אַ יעדן לעבעדיקן נפש ; אַ שטייגל, אַראָפּגעוואָרפן פון אַ בוים — די פייגל זענען זיך צעפלויגן· · ·

די טירן זענען נאָכגעהאָנגען ווי אונטערגעבראָכענע פיס ביי נע־ונדנע הינט· דעם ריגל האָבן „גוטע” שכנים געפרוווט, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די בעלי־בתים זענען אַוועק קיין אַושוויץ אָדער בעלזן, פון וו זיי וועלן קיינמאָל זיך נישט צוריק קערן — איז דאַרפן זיי, די „גוטע” שכנים ירשענען דאָס איבערגעבליבענע ביסל אָרעמקייט· · ·

מער ווי אַ יאָר האָט געפּאָכעט דער ווינט מיט די אָנשויבנדיקע פענצטער־פליגל, אויסגעלופטערט דעם אָנגעשטאַנענעם וויי — און דאָך איז געבליבן אָנגעזאַפּט מיטן אומעט, וואָס ס׳האָבן איבערגעלאָזט די בעלי־בתים ביים אַוועקגיין·

און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז נאָך איז פאַרבליבן אין חלל פון די פיר ווענט — מ׳קאָן אים כמעט אָנטאַפּן — יענער לעצטער בליק, ווען זיי, די אומגליקלעכע, האָבן זיך געזעגנט פון זייער היים צום לעצטן מאָל און אַוועק אין ווייטער ווייט·

יאָ, אָט אַ־דאָ, צווישן די פיר ווענט האָט אַ יידישע

משפחה געלעבט, געפּראַוועט אירע יום־טובים מיט אירע תשעה־באָבן, לוסטיקע שבתים און סתם גרויע וואָכעדיקע טעג, געזונגען זמירות און ווען געזאָגט איכה מיט קינות, — אין ליידן און פריידן. און אויף איינמאָל האָט דער אַשמדאַי זיך אַריינגעמישט און אַ סוף געמאַכט צו אַלעמען. געבליבן זענען נאָר פּוסטע ווענט, וואָס האָבן געשוויגן אין טרויער און, דאַכט זיך, געבענקט נאָך אַ היימישן, ער זאָל זיך אומקערן צו זיי און פאַרשטיין דאָס שווייגן, דאָס פּיינפולע.

אַ היימישער, ווייל נאָר אַ היימישער האָט עס געקאָנט פאַרשטיין.

פרעמדע? אָ ניין, פרעמדע האָבן נישט באַוויזן צו פילן, אַז דאָ האָבן לעבעדיקע מענטשן געוווינט מיט בשר־ודמדיקע פאַרלאַנגען און אַז ערגעץ, אין אַ שפּאַרע, ליגט נאָך פאַרגליווערט אַ בראשיתדיק־הייליקער קלאַנג פון אַ פריש־געבוירענעם קינדס אַ געוויין, אַן אָפּשפּיגלונג פון אַן אומשולדיקן קינדערישן שמייכל, ביי וועלכן ס'האָט אַמאָל אויפגעצאַפּלט אַ מוטערס האַרץ — אָ ניין, פרעמדע האָבן דאָס נישט באַוויזן צו אַנען אַפילו.

פרעמדע, אַז זיי זענען אַרייגעקומען, האָבן זיי געפּאַקט דעם אויפן — די ציגל פונאַנדערגעוואָרפן, גלייך הינט וואָלטן גערעעט, געזוכט דאָס אפשר באַהאַלטענע גאָלדוואַרג. דאָס זעלבע זאָגן עדות די ערטערווייז אָפּגעשיילטע ווענט — מ'האָט געזוכט.

ליידיק איז געווען די שטוב. געבליבן איז אַן אַדורכגע־בראָכן בעט, אַ שאַפּקעלע, אויף וואָס ס'האָט זיך, ווייזט אויס, קיין בעלן נישט געפונען, ווי אויף די עטלעכע יידישע ספרים, וואָס זענען געלעגן צעשפּרייט אויפן דיל — וועמען האָבן זיי נאָך געקאָנט אויספּעלן?

און אין אמתן אַריין — צו וואָס האָבן אויסגעפּעלט יידי־שע ספרים, ווען ס'זענען שוין כמעט קיין יידן נישט גע־בליבן?!...

איז עס געשטאַנען אַזוי דאָס הייזל — אַ חורבהלע: אַ

שטייגל אַראָפּגעוואָרפן פון אַ בוים — די פייגל זענען זיך צע־פלויגן, און נאָר איינציקע, געציילטע האָבן זיך צוריקגעקערט.

געווינט האָבן זיי בחבותא: פיר מיידלעך און דריי יינגלעך.

קינדער, וואָס זענען געבליבן אַליין, עלנט, אָן טאַטע־מאַמע, אָן אַ נאָענטן, האָבן זיך צונויפגענומען אין איין שטוב און גע־לעבט צוזאַמען, אין איין משפחה.

סערל, ווען זי איז אָנגעקומען צום ערשטן מאָל אין דאָרף, אַרום האַלבער נאַכט, איז זי פאַרבייגעגאַנגען זייער הויז, אויס־געמיטן אַפילו צו וואַרפן אַ בליק אַהין, ווי זי איז אַמאָל אין די קינדערישע יאָרן, פאַרבייגעגאַנגען ביי נאַכט די שול, וווּ — מ'פלעג זאָגן אַז — מתים לייענען אין דער תורה און רופן אויף די פאַרבייגייערס. זי האָט נישט געוואָלט אַפילו קוקן אַהין צו, ווייל זי האָט געוווסט, אַז זען קען זי קיינעם נישט און אויב יאָ — איז עס קראַנקע זעענישן, אויסגעטראַכטע אין פאַר־צווייפלטע מאָמענטן, ווען זי האָט זיך צוגעקוקט צו די וואָלקנס רויך, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון קרעמאַטאָריע־קוימענעס.

ניין, זי האָט נישט געהאַט וואָס צו זוכן ביי זיי אין דער היים גאָרנישט אַ חוץ זכרונות, וואָס שווימען אַרויף נישטווילנ־דיק און פולן אָן דאָס געמיט מיט יאוש, מיט אונטערגאַנג.

אַזוי פיל איז איר איבערגעבליבן — זכרונות.

די עטלעכע פאָטאָגראַפּיעס, וואָס האָבן דערמאַנט אירע קינדער־יאָרן, די עלטערן און די פאָטאָגראַפּיע מיט לייבין, אויף וועלכער ס'איז געווען אויפגעשריבן פון זיין האַנט:

„לעבן מיר דאָך מיט דער לאָזונג — שלאָגט, שלאָגט!...

„אין יאָרן אַרום?

„אין יאָרן אַרום וועלן מיר אויסגיין ווי ליכט ווען מע נעמט שמן ס׳איז אויסגערונען, אַרום איז פינצטער, שאָטנס טאַנצן און מיר צווישן זיי — אויך אויסגעלאָשענע״...

אָט זענען זיי — די „אוצרות״ וואָס סערל האָט צונויפגעקליבן אין זייער הויז, ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט פון אַושוויץ.

דאָס זעלבע האָט געפונען אַ צווייטע, אַ דריטע און אַ פירטע. איז — האָבן זיי זיך צונויפגענומען אין איינעם, וווינען בחברותא. אַזוי, אין איינעם, איז לייכטער געווען צו פאַרטראָגן די עלנטקייט. ס׳איז לייכטער געווען אויך צוליב דעם, וואָס דער עול פון פירן אַ הויז איז געפאַלן נאָר אויף איינער, און די אַנדערע זענען געזעסן אַזוי אַ בטלניק.

און כאָטש ס׳קוקט אויס אַזוי ווונדערלעך, אומגלויבלעך, האָט עס זיי דאָך גוט געפעלן דאָס ליידיק זיצן. ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די יונגע מענטשן, וואָס האָבן אַ יאָר צייט געאַרבעט און איבערגעלעבט אַזעלכע שווערעליידן, ווילן זיך היינט נישט אָנזאָגן מיטן טאָגטעגלעכן לעבן גאָרנישט.

טייל פון זיי האָבן זיך פאַרענטפערט, אַז זיי האָבן שוין גענוג געאַרבעט אין לאַגער, אַנדערע האָבן פשוט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: פאַר וועמען וועלן מיר אַרבעטן?

טון עפּעס, אַרבעטן איז זיי געווען פרעמד, אָן איבעריקע זאַך. זיי האָט זיך געוואָלט לעבן אַזוי, אָן דאגה, אָן אַרבעט — נאָר פאַרווײַלן זיך, לאַכן און פריילעך זיין.

ס׳זענען געווען מאָמענטן ווען די יונגע מענטשן האָבן נישט געטראַכט פון גאָרנישט, ווייל זיי האָבן געטראַכט פון צו פיל און פון אַלעמען מיט אַמאָל. זיי האָבן נישט געטראַכט, נישט געוואָלט טראַכטן, ווייל ס׳איז געווען צו פיל פאַר זיי, צו פיל מחשבות, צו מטושטש, פאַרפלאָנטערט — איז האָבן זיי זיך פאַרשטויסן, די מחשבות, איינע די אַנדערע און נעלם געוואָרן.

סערל אַליין האָט אויך שוין וויפל מאָל געפּרוווט זיך

פונאַנדערקלויבן, אויפוויקלען און פונאַנדערנעמען די פרעגצייכנס פאַרפּלאָנטערטע, און נישט געקאָנט אַרויס אויף אַ קלאָרן וועג. אַדרבה, וואָס אַמאָל זענען זיי פאַר איר נאָך ברייטער געוואָרן די פרעגצייכנס. איבער אַלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט:

„ווּ איז דאָס אָרט פאַר יידן, ווּ איז דער מקום מנוחה?"...

נאָך זייענדיק אין בערגנבעלזן, אין דייטשן לאַגער, איז זי געוואָרפן געוואָרן ווי אויפן וואַסער פון כוואַליע צו כוואַליע. זי איז געשווּמען צווישן ביידע צדדים און נישט געקאָנט זיך אַנטשליסן צו איין צד, ווייל די געפילן האָבן דיקטירט און נישט דער שכל־הישר. איז זי געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די ציוניסטן, אויסגעהערט די דרשות וואָס ס'האָט געהאַלטן דער ראַבינער פון אַמעריקע, פון וועמען זיי אַלע האָבן באַקומען אַ מגן־דוד'ל מיט אַ מזוזהלע צו טראָגן אויפן האַלדז — איז אויפגעפלאַקערט אַ ווילן זיך אויסצודרייען איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיטן הינטן צו דער גאַנצער וועלט און „וועלטישקייט", צו אַלע מענטשן און דער גאַנצער מענטשהייט. ס'איז געבליבן זיכער, אַז ערגעץ, דאָס מאָל קען עס זיין אין פּאַלעסטינע, דאַרף מען געפינען אַ ווינקל און זיך אויסלעבן אָפּגעזונדערט פון יעדן און אַלעמען. יידן זאָלן נישט האָבן קיין שייכות מיט קיינעם — און אפשר דעמאָלט וועט קיינער נישט האָבן זיך צו טשעפּען מיט זיי.

יאָ, איינער פון צווישן די העפטלינגען האָט עס אַרויסגעזאָגט אין אַ צווישנרוף. ווען מאַיאָר סיימאָן פון דער יידישער בריגאַדע האָט גערעדט פאַר זיי צעהיצט וועגן פּאַלעסטינע, האָט איינער פון צווישן די צוהערער, אַ לינקער אַוודאי, אויסגעשריגן:

„אויב פאַשיזם וועט נישט אָפּגעמעקט ווערן ווי דער זכר פון עמלקן, איז וועט נישט העלפן נישט אַמאָל דער פּאַלעסטינעזישער וועלט־געטאָ!"...

סערלען האָט באַזונדערס געפעלן דער געדאַנק פון „פּאַלעסטינע — אַ יידישער וועלט־געטאָ".

יאָ, אַ וועלט־געטאָ פאַר יידן צונויפגעזאַמלטע פון אַלע לענדער

און אַרום דעם געטאָ וואַכן די בריטישע מאַשינען־געווערן, טאַנקען און מיט באָמבעס באַלאָדענע פלי־מאַשינען.

זי, סערל איז געווען צווישן דער חברותא וואָס האָט דע־מאָנסטרירט פאַר די בריטיש־אַמעריקאַנישע פאָרשטייער און געשריגן אין כאָר: „מיר ווילן אַהיים גיין!" — ווייל די היים, די מאַראָ־מאָרעשער, האָט געצויגן צו זיך ווי צו אַ מאַמע. ס'האָט זי גערופן דאָס דאָרף, וווּ זי האָט געלעבט אירע קינדעריאָרן. ס'האָט זי גערופן דער סיגעטער מילגאָרטן, דער בוים דאָרט אויפן באַרג, אין וועלכן זי האָט איבערגעלאָזט אויסגעשניטן אַ הערצל מיט איניציאַלן, לייביס און איר נאָמען. ס'האָט זי געמאָנט זיך אומצוקערן און זיך זען מיט היימישע, מיט יענע וואָס זי האָט נאָך פאַר דער מלחמה געהאַלטן יעדן שבת פאָליטישע שמועסן און געחלומט פון יענעם טאָג ווען די רויטע פאָנען וועלן פלאַטערן פריי...

און היינט?...

היינט איז זי דאָ, אין מאַראַמאָרעש, אין דער אויסגעבענקטער היים. לעבט פון דער הילף, וואָס זי באַקומט פונעם „דזשאָינט" און קוקט זיך צו צום אַרום, וואָס איז איר אַזוי מאָדנע, אומפאַרשטענד־לעך געוואָרן.

זי האָט באַגעגנט אַ היים, וואָס איז איר פרעמד געוואָרן. אָט יענע היים, אין וועלכער זי האָט געגאַרט צו געפינען אַ טרייסט־וואָרט, אַ היימישע וואַרעמקייט, וואָס זאָל העלפן אָפּווישן די פאַר־גאַנגענהייט — יענע היים האָט זיך געלאָזט זוכן.

סערל האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען.

זי איז אַרויס צו דער טייס, די פריילעכע, מונטערע ווי אַ באַרעדעוודיקע יונגע מאַמע. זי האָט געוואָלט אַז זי, די טייס, זאָל זי אויך אַריין נעמען אין איר שויס, איר צוזאַמען פלאַפּלען, ווי זי טוט עס מיטן אַרום און גיט אים אַריין לעבעדיקייט.

די טייס, זי האָט עס געטון מיט אַיעדן, נאָר מיט איר נישט.

זי האָט גערעדט אַ שפּראַך, אַ פרעמדע פאַר איר, אַן אומ־

פאַרשטענדלעכע. זי האָט נישט גערעדט צון איר. זי האָט זי נישט דערקאָנט מער.

און ס׳האָט זיך געוואָלט איר אַ פראַגע שטעלן:

— בין איך דען נישט די זעלבע פון אַפריער, כ׳האָב דאָך עדות די שטיינדלעך און אויך די פיש, וועמען כ׳פלעג אין דער קינדהייט די רו שטערן, אַז דו האָסט מיך אויפגעוואַקסן — איז פון וואַנעט נעמט זיך די קאַלטע פאַרהאַלטונג צו מיר?...

די טייס האָט געשטראָמט איר וועגס, איר שטענדיקן גאַנג, בעל כּורחה, ווייזט אויס, וויל זי יאָ — וויל זי נישט, זי האָט געשטראָמט.

סערל איז געבליבן אַליין, מיט אירע עלנטע געדאַנקען, אַליין, וויל זי יאָ — וויל זי נישט, בעל כּורחה.

זי איז אַרויס אין פעלד, דעם גרין באַגראָזטן, ווי אַ פּליוש אָן אויסגעשפּרייטער, תמיד גרייט, ווי אַן אמתדיקער מכניס־אורח, אַ געלעגער אָנצובאָטן פאַר אַ מידן דורכגייער, איינצושלעפן אים אין דער שטילקייט פון רו, לעבעדיקער, געוועקטע פון רווישנדיקע צווייגן און אַ פאַרבלאָנדזשעט ווינטל, געוואָלט אַז דאָס פעלד זאָל זי אויך אַריין נעמען אין איר שויס, זי איינשלעפן, אין אַ שלאָף אַזעלעכן, ווי זי טוט עס מיטן מידן פויער.

דאָס פעלד האָט עס געטון מיט אַיעדן, מיטן מענטש ווי מיט אַ בוים צי אַ גראָז — נאָר מיט איר נישט.

דאָס פעלד איז געווען פרעמד פון איר, אָסיענדיק קאַלט, גלייך זי וואָלט אַ פרעמדע געווען און נישט אַ היגע, אַ תּושב.

און כ׳האָט זיך געוואָלט איר אַ פראַגע שטעלן:

— בין איך דאָך די זעלבע פון אַפריער, די זעלבע, דו דערקענסט מיך נישט? אָט יענע וואָס האָט אי פרילינג געקליבן דיינע פרישע בלומען אי האַרבסט געקליבן דיינע געלע בלעטער, געחלומט צוזאַמען מיט דיר, מיט אייך אַלע — אי מיט דער זומערדיקער שוואַלב אי מיט דער ווינטערדיקער שוואַרצער וואַראָנע, כ׳בין דאָך איינע פון אייך — איז פון וואַנעט־זשע נעמט זיך די

פאַרפרעמדקייט אייערע צו מיר ? וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי — טוט אייך אפשר לייד וואָס כ׳בין צוריק געקומען צו אייך, צו מיין היים ?...

דאָס פעלד האָט גערוט אין איר שטילקייט. פאַרשפילט זיך אין איר לאַנגווייל מיט אַ צווייגל און גרעזל, מיט אַ בלי און אַ פאַרגעלטן בלאַט. ס׳איז איר אַלטער מנהג, ווייל זי עס אָדער ווייל זי עס נישט.

סערל האָט קיין פלאַץ נישט געפונען צווישן זיי. זיי האָבן זי נישט געוואָלט דערקאָנען. זי איז געבליבן ווי אַ פרעמדע, אַ צו־געקומענע.

זי איז אַרויס צום באַרג, דעם מעכטיקן, וואָס בלאָזט פון זיך מיט גבורה, ווי אַ ברייט־פּלייצעדיקער מאַן. זי האָט געוואָלט ער זאָל אויך זי אַרומנעמען, זי זאָל פילן זיין שויץ די מענערישע, ווי ער טוט עס מיטן שטעטל מיטן גאַנצן.

זי איז אַרויס...

זי איז געווען אַליין, אַליין מיט איר שאָטן, דאַכט זיך, ווי אויף אַ וואָג־שאָל — אין איין זייט איז זי געווען, די עלנטע, אין קיינעמס וועלט, וואָס לעבט דורך אַ צופאַל, דורך עמעצנס אַ פאַר־זען, ווי איר געבורט איז געווען אַ בלויזער צופאַל, און אין דער אַנדערער זייט וואָג־שאָל זענען אירע בענקענישן, אירע חלומות — איר שאָטן. זי, אַ ליידיקע שטרוי, אין איין וואָג־שאָל; ער, איר שאָטן, מיט אַ הויפן ווילנס, אַ שווערער בליי, אין דער צווייטער וואָג־שאָל.

זי איז אַליין...

און דאָך איז דאָס לעבן — לעבן, תמיד געפינט עס, דאָס לעבן, אַביסל "האָבער" פאַרן "פערדל" צו נאַרן אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס — צו לעבן...

האָט זי דאָך שוין וויפל מאָל זיך געזאָגט: סערל, דו האָסט נישט קיינעם אונטער דער זון, קיינעם, ווער ס׳זאָל זיך פרייען מיט דיין אַ שמייכל אָדער אויסווישן דיר אַמאָל אַ טרער...

זי האָט עס זיך געפרעגט און טייל מאָל האָט עס אויסגע־וויזן, אַז זי וועט ציען די קאָנסעקווענצן, אָבער אין אַזאַ מאָמענט איז געקומען „עמעצער", אַ מעקלער פון לעבן, און אונטערגערוקט אַביסל „האָבער" — אַזוי, דווקא אַזוי, איז דאָס לעבן אינטערע־סאַנט. יאָ, קליינע קינדער שפילן זיך אין באַהעלטעניש, אין זוכן, אין רעטענישן; גרויסע „קינדער" שפילן זיך אויך אין „זוכן", אין לעזן רעטענישן, קרייץ־ווערטער... וויפל מענטשן, דערוואַקסענע, פאַרברענגען צייט מיט לעזן קרייצווערטער־רעטענישן? אַ בוך לייענען זיי נישט און קרייץ־ווערטער יאָ?

וואָס קאָן נאָך זיין אַן אינטערעסאַנטער רעטעניש, ווי דאָס לעבן?...

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אין איר קינדהייט האָבן זיי זיך געשפילט אין טרעפן רעטענישן: מ'האָט אויפגעמישט אַ סידור און דאָס ערשטע וואָרט אויפן בלאַט, דאָס איז געווען דאָס נביאות.

אַ ווײַלע האָט זי אַ טראַכט געטון, גענומען אַן אַלט סידור, צו מאַכן דעם אַלטן שפּיל. אויפצומישן אַזוי אויף טרעף און לייענען דאָס ערשטע וואָרט, די ערשטע שורה. אפשר וועט זי אַזוי אַרום באַקומען אַן ענטפער אויף אירע פראַגן, אויף אירע רעטענישן, אויף איר „וואוהין?".

זי האָט געעפנט. ס'האָט זיך באַוויזן אַז זי האָט געטראָפן אין תהילים, דאָס הונדערטניינאונדרייסיקסטע קאַפּיטל.

דאָס האַרץ האָט איר געשלאָגן האַסטיקער, ווי איינער וואָס וואַרט אַן אורטייל, אומגעדולט, נייגעריקייט און אַ פורכט ווי פאַר עפעס אַן איבערמענטשלעכן, האָט זי אַרומגענומען.

זי האָט געלייענט אויף עברי־טייטש, די יידישע איבער־זעצונג:

„...דער ענין איז פון מיר פאַרהוילן,
איך קאָן נישט וויסן דאָס...
צו הויך פאַר מיר, צו באַגרייפן.

וווּהין זאָל איך גיין, זיך באַהאַלטן ?
באַהאַלטן זיך, פון דיר —
וווּהין זאָל איך אַנטלויפן ?

זאָל איך אויפן הימל אַרויף ?
ביסטו דאָרט, דו !
זאָל איך אונטער דער ערד —
דאָרט מיר זוכן די רו ? —
אויך דאָרטן ביסטו !...

זאָל איך קיין מזרח פליען ?! — — —
— — — — — — — —
זאָל איך אין מעריב רוען ?! — — —

סערל איז אַרויס צו דער טייס, די פריילעכע, מונטערע, ווי אַ באַרעדעוודיקע יונגע מאַמע, ס'האָט זיך איר געוואָלט בעטן, אַזוי ווי די מוטער אירע פלעג בעטן אין די פרייטיק־צונאַכטסן, ביי ליכט־בענטשן:

— בין איך דאָך די זעלבע פון אַמאָל — עדות זענען די שטיינדלעך און אויך די פישי, וועמען כ'פלעג די רו שטערן, אַז דו, יאָ דו, האָסט מיך אויפגעוואַקסן — איז נעם זשע אויך מיך אַריין אין דיין שויס; פלאַפל מיר צוזאַמען מיט דיינע כוואַליעס, פאַרשפּיל מיר מיין איינזאַמקייט, ווי טוסט עס מיטן גאַנצן אַרום און גיסט אים אַריין לעבעדיקייט...

די טייס, זי טוט עס דאָך מיט אַיעדן — האָט זי געטראַכט — איז פאַר וואָס זשע זאָל זי עס נישט טון אויך מיט איר ?

זי איז אַרויס אין פעלד, דעם גרין־באַגראָזטן, ווי אַ פּליוש אָן אויסגעשפּרייטער, ס'האָט זיך איר געוואָלט בעטן, אַזוי ווי דער פאָטער אירער פלעג בעטן ביי די סליחות:

בין איך דאָך די זעלבע פון אַמאָל, די זעלבע, דערקענסט מיך נישט ? אָט יענע, וואָס האָט אַ מאָל געקליבן דיינע פרישע

בלומען׳ אי האַרבסט געקליבן דיינע פאַרגעלטע בלעטער; געחלומט צוזאַמען מיט דיר׳ מיט אייך אַלע׳ — אי מיט דער זומערדיקער שוואַלב׳ אי מיט דער ווינטערדיקער שוואַרצער וואַראָנע — כ׳בין דאָך איינע פון אייך׳ איז שפּרייט זשע אויך מיר אויס מכניס־אורח־דיק דיין געלעגער׳ שלעף מיך איין אין דער שטילקייט פון רו׳ לעבעדיקער׳ געוועקטע פון רוישנדיקע צווייגן און פאַרבלאָנדזשעטע ווילנס׳ פון מענטשלעכע חלומות און פייגלגעזאַנג׳ ווי דו טוסט עס מיט אַיעדן׳ מיטן מענטש ווי מיט אַ בוים צי אַ גראָז׳

דאָס פעלד׳ טוט עס דאָך מיט אַיעדן — האָט זי געטראַכט — איז פאַר וואָס זשע זאָל עס נישט טון אויך מיט איר?

און ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט׳ אַז זי הערט זייער ענטפער:

„בלייב ביי אונדז!״ ...

„...יידן קאָנען נישט אַנטלויפן׳ זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ ווינקל׳ און אַפילו אויך דעמאָלט נישט׳ ווען מ׳וועט דאָס ווינקל אָנרופן „יידנלאַנד״. אויך דאָרט וועט מען זיי אויפזוכן די יידן׳ זיי זענען נייטיק די שונאים פון דער ציוויליזאַציע׳ זיי קאָנען נישט לעבן אָן יידן״...

„...איז דאָך די זעלבע האַנט וואָס מאַכט פּראָפּאַגאַנדע׳ אַז יידן זאָלן פאָרן קיין פּאַלעסטינע און האָבן כלומרשט נישט וואָס צו זוכן אין אייראָפּע — די זעלבע האַנט וואַכט ביי די טויערן פון פּאַלעסטינע׳ אַז ס׳זאָל חלילה זיך נישט אַריינגנבענען אַ ייד״...

„...בלייב!... דאָס לעבן איז דאָ׳ ווי אומעטום׳ דאָס זעלבע — אַ קאַמף׳ דאָס יידישע לעבן איז אַ טאָפּלטער קאַמף — אומעטום פונקט ווי דאָ׳ אומעטום — דאָס זעלבע״.

„...איז הייב זשע עס אָן פון נסניי — אין איינעם מיט די אַנדערע׳ אין איינעם״...

פון אַושוויץ האָט דער ווינט פאַרוויט אַהער אַ גערוך פון פאַרסמאַליעטע׳ לעבעדיקע׳ מענטשלעך פלייש: אַ וואָלקנדל רויך...

אַ גרוס — אַ וואָלקנדל רויך פון קרעמאַטאָריע־קוימען האָט פאַרבלאָנדזשעט...

וואָס האָבן זיי זיך געטראַכט אין יענעם מאָמענט?!...
וועלעכס טרייסטוואָרט, אָדער וואָס פאַר אַ דערמוטיקונגס־געדאַנק האָט זיי באַלייט אין ברענענדיקן אויוון אַריין?...

וואָס פאַר אַ מיינונג האָבן זיי זיך געקאָנט שאַפן אין יענעם מאָמענט וועגן לעבן, ציוויליזאַציע און מענטש? יאָ, מענטש?!!

און אין דער אמתן אַריין — וואָס פאַר אַ מיינונג קאָן זיך שאַפן אַן אומשולדיקער בן־אָדם, אויף דער שוועל פון אַ קרעמאַטאָריע — וועגן מענטש?

די מוטער — זי האָט עס אַוודאי אָנגענומען באַהבה, דער לעצטער קרעכץ אירער איז געווען אַ געוויינלעכער, אַ תחינהדיקער ווי ביי דעם „יהי רצון" פון ראש־חודש צי פון ליכט בענטשן, און דער לעצטער געדאַנק, וואָס איז ווי אַ בליץ אַדורכגעפלויגן, איז געווען אַ ליכטיקער, פול מיט טרייסט — ס'לעבט אַ זון, וואָס קאָן אָפּלערנען אַ פּרק משניות, זאָגן אַ קדיש...

אַ ק—ד—י—ש...

דער פאָטער, מיט איילנדיקע טריט געשפּאַנט צום לאַגער, ווו ס'האָבן געוואַרט איינגעהייצטע צוויונגס.

איילנדיק, געוואָלט שוין איינמאָל פטור ווערן, ווייל ער איז שוין געווען מידע לאַנג שוין נישט פאַררייכערט אַ ציגאַר און טועון קאָן ער סיי ווי סיי שוין גאָרנישט. דער גזר איז אַ געחתמעטער, וואָס זשע איז צו וואַרטן?

האָט ער צוגעקנעפּלט דאָס נאָכטלעבענדעדיקע לאַנגע רעקל און מיט אַ קרענקלעכן, פאַרצווייפלטן שמייכל געטראַכט ביי זיך: אויף „יענער" וועלט וועט עס אפשר שוין בעסער זיין... און ס'איז נאָך דאָ ברוך־השם פון אונדזעריקע ביי די „רויטע" זיי וועלן נקמה נעמען...

נ - ק—מ ה...

אָט אַזוי זענען זיי אַהעק ביידע, דער פאָטער און די מוטער יעדער מיט זיין גלויבן.

סערל האָט מיטגעבערענגט אַ קמיע פון אַושוויץ, אַ האָלקנדל רויך — ס'איז דער מוטערס פּרק משניות און דעם פאָטערס רוף צו נקמה...

אַזוי האָט סערל אָנגעהויבן איר לעבן פונסניי, געהאַרטעוועט...

בוקאַרעסט 1945—46.

(סוף פון ערשטן בוך)

## נאָכוואָרט

...און אַזוי, ווי ס׳זענען געזעסן קריק מיט טויזנטער יאָר די אורעלטערן אונדזערע ביי די טייכן פון בבל, מיט די שטומע האַרפן אין די הענט: „איך נשיר ?״ ווי קאָנען מיר דען שפּילן, אַז מ׳האָט אונדז די פינגער אונטערגעהאַקט ? ! — אַזוי שטייען מיר עלנטע, איבערגעפּולטע מיט יתומימדיקן צער און אָנשטאָט די האַרפן זייערע מיט אָנגעצויגענע סטרונעס האָבן געהאָנגען אויף גרינע ווערבעס, הענגען אונדזערע זעלן אויף נאַקעטן יאוש.

ווי קאָן מען שפּילן איבערן חורבן פון מענטשן וואָס פאַרלירן זייער יורש־דור, און ווי קאָן מען זינגען אַז ס׳איז גאָר אַזאַ קלאָג־ליד נישט פאַראַן ?

...און אפשר וועלן גאָר די האַרפן, די אַלטע יידישע כּלי־זמרים אַליין אָנהויבן שפּילן דעם אַלטן איכה־ניגון, וואָס האָט פון דור צו דור זיך אויפגעהיט און אין ליידן זיך געגעערט, אַ קלאָג־ליד געוואָרן אויפן חורבן פון אַ פאָלק וואָס וויל נאָך עד היום נישט חרוב ווערן ? !

אפשר וועלן מענטשן מיט אויערן, אָפענע פאַר פיין און גע־רעכטיקייט, מענטשן נאָך נישט געבוירענע, פון דורות שלימותדיקע, זיך צוהערן צו די פאַרשטומטע אַקאָרדן פון די יידישע קינות און זיך פאַרטראַכטן אַ מינוטקעלע, איין מינוטקעלע — וואָס איז איין מינוט אין אַ ים אייביקייטן ? — פאַרטראַכטן זיך און ס׳וועט באַ־הערשן זיי אַ געפיל פון בושה און חרטה ? !...

אפשר, אפשר וועלן נייע דורות אַחרית־הימימדיקע געבאָרן מענטשן, וואָס וועלן מוכשר זיין צו באַנעמען דאָס וויברירונג פון אַזוי פיל קינות און טרערן פון אַ פאָלק, וואָס האָט געליטן נאָר באַליידיקונגען און טויזנטער יאָר געלעבט מיט מסירת־נפשדיקע קידוש־השמען ? !...

...וועט מיין איינטאָניקע אויפצייכנונג זיין נישט מער ווי אַ טויזנטס חלק פון אַ קלאַנג, אָדער אָפקלאַנג, פון אָט יענער גראַנ־דיעזער פיל־דורותדיקער יידישער קלאָג־סימפאָניע, פון אומקום און דאָך קשה־עורפדיקן זיין ;

וועט מיין בוך זיין דאָס ספר, ביי וועלעכן אַ פרילינגדיק פילנדיק האַרץ וועט זוכן אַן עיר־מקלט, ווי ס׳האָט מיין פאָטער זיך איינגעשלעפט שבת נאָכן טשאָלנט ביים ״יערות דבש״ צי ביים ״של״ה״ ;

וועט מיין פען האָבן אָנגעשריבן כאָטש אַ קוצו של יוד, אַן אָפשיין פון אַ תג אויף אַן אות, אין דעם גרויסן ספר דעם יידישן, אין וועלעכן די קומענדיקע יידן און נישטיידן וועלן זיך גריבלען און אַרויסזוכן אַ נישט דערזאָגטן געדאַנק פון אַ, צום קרייציקן, ״אויסדערוויילט״ פאָלק ;

װאָלט איך כאָטש אין דעם זיכער געװען׳ אין װאָס איך װיל גלויבן׳ — װייל יעדער שרייבער מוז עס גלויבן כאָטש ביי זיך — װאָלט איך זיך געזאָגט: זאָל זיין דאָס מיין שכר!...

װייל׳ װאָס׳ מישטיינס געזאָגט׳ קאָנען מיר שוין היינט דער־װאַרטן׳ — די פיל יידישע לייענער?! װער?!...

װ. ט.

**פ ו נ ע ם ז ע ל ב ן מ ח ב ר :**

„ביי דער טיר״ דערציילונגען, 36 זייטן,
פאַרלאַג „יידיש וואָרט״ טשערנאָוויץ 1937.

„מיין היים״ דערציילונגען, 96 זייטן,
סיגעט 1940.

**ג ר יי ט צ ו ם ד ר ו ק :**

„פרילינג און זון״ (צווייטער בוך: ל יי ב י).

## אָפּרופן וועגן מחבר:

„...וואָלף טאַמבור האָט טאַלענט און קאָן די מלאָכה פון שילדערן און דערציילן...״

(„אויפבוי״ נומ׳ 20, 1937, טשערנאָוויץ).

„...די שפּראַך, טאַמבורס, ברענגט געוויסע אינטערעסאַנטע דיאַלעקטאַלע פאָרמען, וואָס קענען באַרייכערן אונדזער ליטעראַרישׁ לשון...״

(„ליטעראַרישע בלעטער״ נומ׳ 21, 1938, וואַרשע).

# ערשטער בוך: „סערל"

## אינהאלט:

